# די וויכטיקסטע פיגורן און מאָמענטן אין דער אידישער געשיכטע

## פון גלות בבל ביז צו דער חשמונאים תקופה

(עסייען, שטודיען און אַנאַליזן)

פון

## ש. צ. וועצער

פערטער טייל

פאַרלאַג „דאָס וואָרט" ביבליאָטעק

1942

## פון זעלבן מחבר:

א) רבי ישראל בעל שם טוב — 2 בענדער.
ב) צו דער אַנטשטייאונג פון קריסטענטום.
ג) די נסיעה פון רבי נחמן בראַסלאָווער קיין ארץ ישראל.
ד) מדת הרחמים.
ה) פיגורן.
ו) וואונדער מעשיות פון רבי נחמן בראַסלאָווער.
ז) „דאָס וואָרט" ביבליאָטעק — 1934.
ח) „דאָס וואָרט" ביבליאָטעק — 1935.
ט) „דאָס וואָרט" ביבליאָטעק — 1936-7.



**Printed in U. S. A.**

POSY-SHOULSON PRESS
19 West 21st Street
New York, N. Y.
255

א

# די סופרים

דער נייער טיפ אידישער פאָלקס־לערער. — די צוויי־פּאַכיקע טעטיקייט פון דעם דאָזיקן נייעם טיפ פון אידישע פאָלקס־פירער. — דער אָבשלוס פון דער גלאַרייכער, לאַנג־דויערנדער נבואה עפּאָכע. — די אויסערלעכע און אינער־לעכע באַדינגונגען, וואָס האָבן געבראַכט דערצו, אַז דער נביאים אינסטיטוט זאָל פון אידישן לעבן דאַן פאַרשווינדן, און אויף זיין פּלאַץ זאָל אין דעם דער סופרים אינסטיטוט עטאַבלירט ווערן. — די ווייטערדיקע מער פאַרצווייגטע טעטיקייט פון די סופרים. — די סופרים אלס דערקלערער און אויסטייטשער פון דער תורה. — זייער טעטיקייט אלס „גודרי גדרים" און „עושי סוינים". — דער אופן ווי די סופרים האָבן בעקאַנט געמאַכט צום פאָלק זייערע פּירושים און חדושים צו די פאַרשריפטן פון דער תורה.

אידער עס איז נאָך גאַר אינגאַנצן דאָס גרויסע ליכט פון דער אידישער נבואה אויסגעלאָשן געוואָרן, האָט שוין דאָס נייע העלע ליכט פון דעם נייעם טיפ אידישן פאָלקס־לערער און פאָלקס־פירער אָנגעהויבן צו שיינען.

אין א משך פון ארום צוויי דורות איז די טעטיקייט פון די נביאים האַנט אין האַנט מיט דער טעטיקייט פון די סופרים געגאַנגען.

און אייניקע גרויסע פירער פון אידישן פאָלק צו יענער צייט האָבן א צוויי־פּאַכיקע טעטיקייט אָנגעפירט. זיי זיינען אין אידישן לעבן דאַן אי אלס נביאים ארויסגעטראָטן, אי אלס סופרים. צי די הלכות, וואָס ווערן צוגעשריבן אין תלמוד צו חגין, זכריה און מלאכין, זיינען, ווירקלעך, פון זייער מויל ארויסגעגאַנגען, אדער זיי זיינען זיי נאָר על דרך האגדה צוגעשריבן, איז דאָס אָבער בכלל ניט וויט־לויפיק צו דענקען, אז חגי האָט אויסער דער טעטיקייט זיינער אלס נביא, אויך פּראַקטיצירט די טעטיקייט פון א סופר, פון א פאַרשער

און דערקלערער פון די פאַרשריפטן פון דער תורה פאַר דעם פאָלק. א רמז דערויף, אז ער האָט זיך מיט דעם אלעם אָפּגעגעבן, געפינען מיר אין די פראגן (חגי ב׳) זיינע, וואָס ער האָט די כהנים געשטעלט. און עס איז זייער מעגלעך אז אויך דאָס, וואָס די חז״ל האָבן אונדז געזאָגט, אז „עזרא זה מלאכי״, אז עזרא און מלאכי זיינען איין פערזאָן מיט צוויי באזונדערע נעמען, איז ניט נאָר על דרך האגדה פון זיי געזאָגט געוואָרן, נאָר דערפאר, ווייל זייער שטייגער איז געווען צו־שרייבן וואָס מער וויכטיקע פונקציעס, וואָס מער גרעסערע אויפטו־אונגען צו די גרויסע אידישע פערזענלעכקייטן, ווי זיי האָבן עס אין פילע אנדערע פעלע געטאָן, נאָר זיי האָבן אונדז איבערגעגעבן א מסורה, וואָס איז פון דור צו דור צו זיי דערגאנגען, און דער נאָמען מלאכי איז, ווירקלעך, דער נביאישער פסעוודאָנים פון עזרא הסופר געוועזן.

וואָס מער אָבער עס איז די תורה דער קנין פון דעם גאנצן פאָלק געוואָרן, וואָס מער עס האָבן די פאַרשריפטן פון דער תורה זייער רעאַליזירונג געקראָגן אין דעם אלטעגלעכן אידישן לעבן, אלץ מער האָט די נאַטירלעכע ענטוויקלונג פון אידישן לעבן געפירט דערצו, עס זאָל די וואונדערלעכע גרויסע דערשיינונג פון אידישן פאָלק פאַר־שוואונדן. מיט מלאכי, דער לעצטער נביא פון די נביאים אחרונים, האָט זיך די גלאָרייכע, לאנג־דויערענדע נבואה עפּאָכע פארענדיקט, און דאָס אידישע לעבן איז דאן אונטער דעם אויסשליסלעכן קאָנטראָל און איינפלוס פון די סופרים געשטעלט ווערן.

אמת, אויך דאן האָט זיך נאָך ניט גאָר אינגאנצן דער רוח הנבואה אָפּגעטאָן פון אידישן פאָלק. דאָ און דאָרטן פלעגן נאָך אמאָל אייניקע גרויסע אידישע פערזענלעכקייטן אלס נביאים ארויסטרעטן פאַר דעם אידישן פאָלק אויך פילע יאָרן נאָך מלאכי. דאָס איז אָבער דאן שוין נאָר אלס צופעליקע דערשיינונג פאָרגעקומען.

די נביאים טעטיקייט פון יענע פערזענלעכקייטן זיינען ניט קיין המשך געוועזן פון דער גרויסער נביאים עפּאָכע, און דעריבער זיינען אויך די נעמען פון יענע נביאים מיט אומשטערבלעכקייט ניט גע־בענשט געוואָרן. און אויך זייערע נבואות זיינען ניט פאַר די לעצטע דורות איינגעהיט געוואָרן. און אפילו די נביאים, וואָס האָבן שוין יאָ זוכה געווען, אז עס זאָל עפּעס פון זייערע נבואות בלייבן, האָבן זיי

אָבער אַלץ ניט זוכה געווען, אַז די דאָזיקע נבואות זאָלן אויף זייער נאָמען גערופן ווערן און זיי זאָלן אין אַ באַזונדער ווערק פּאַראייביקט ווערן, ווי די נבואות פון די אַלע אַנדערע נביאים, נאָר זיי זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין די נבואות זאַמלונגען פון די פריערדיקע נביאים.*) זיי זיינען צעטיילט געוואָרן לויט דעם אינהאַלט זייערן צווישן די אַנדערע נביאים. זיי זיינען אַריינגעשטעלט געוואָרן אין יענע ערטער, וואו זיי האָבן זיך דאָרטן אַריינגעפּאַסט.

אין עצם עיקר אַלזאָ האָט זיך מיט מלאכין, ווירקלעך, די נביאים עפּאָכע אין אידישן לעבן פאַרענדיקט. עס איז דאַן אויף אַ נאַטירלעכן וועג די פאַרענדיקונג געקומען פון דעם נבואה אינסטיטוט אין אידישן לעבן. די אַרומיקע באַדינגונגען פון אידישן לעבן, די אויסערלעכע, ווי די אינערלעכע, זיינען געוואָרן דאַן פון אַזאַ כאַראַקטער, וואָס האָט געפירט דערצו, עס זאָל אָפּגעשאַפט ווערן די ווייטערדיקע עקזיסטענץ זיינע. עס זיינען ניט געווען דאַן אין אידישן לעבן, אין די אַרומיקע אויסערלעכע אומשטאַנדן און פאַקטאָרן זיינע, ווי אויך אין דעם אי־נערלעכן אינהאַלט זיינעם, אָט יענע אַלע עלעמענטן, וואָס זיינען אין די פריערדיקע צייטן אין אידישן לעבן געווען; אָט יענע אַלע עלע־מענטן, וואָס האָבן געשאַפן דעם באָדן פאַר דער נבואה דערשיינונג און די פאָרמען, אין וועלכע זי האָט זיך אין אַ משך פון פיר הונדערט יאָר מאַניפעסטירט פאַר אונדז.

דאָס אידישע לעבן האָט דאַן אויפגעהערט צו זיין קאַטאַסטראָפאַל און וויזיאָנעריש, אין זין פון פּאָליטיש נאַציאָנאַלע געפאַהרן און פון פּאָ־ליטיש נאַציאָנאַלע האָפענונגען, ווי עס איז געווען ביז דאַן. עס איז דעריבער אָוועקגענומען געוואָרן יעדע מעגלעכקייט, עס זאָל דאַן געווען קענען אַ באָדן געשאַפן ווערן פאַר נבואות ענלעך צו די פּאָליטישע נבואות, וואָס בילדן דעם גרעסטן טייל פון די נבואות פון אונדזערע נביאים.

אינערלעך ווידער האָט דאָס אידישע לעבן אויפגעהערט צו זיין עקסצענטריש, אומגעצוימט, ניט איינגעשטעלט, ווי עס איז געווען ביז איצט. עס איז דעריבער איצט אויך קיין באָדן ניט געווען אין דעם,

---

*) די באַמערקונג, וואָס באַדאַרף דאָ געגעבן ווערן, וועט קומען צום סוף פון ווערק, אין די נוספות.

איבער וועלכן עס זאָל געווען קענען דונערן דער פייערדיקער צאָרן פון נביא קעגן דעם פאָלק זיינעם, די ווי א שאַרפער מעסער שניידנדע שטראָף־רייד זיינע.

דאָס אידישע לעבן איז געווען איינגעשטעלט איצט. עס האָט רואיק, שטיל איבער א גראַדן וועג אָנגעהויבן צו פליסן. אויב עס האָט ניט איצט דאָס אידישע פאָלק וויזיאָנען גרויסע געזען פאַר זיך, וויזיאָנען גרויסע פון א גרויסער פּאָליטישער מאַכט צו ווערן, וויזיאָנען גרויסע פון אימפּעריאַליסטישע עראָבערונגען, האָט עס אָבער דערפאַר אויך קיין געפאַר פון אונטערגאַנג ניט געזען פאַר זיך, זיינען ווידער אַזוינע פּאָליטישע שטרעבונגען גאַר אינגאַנצן אויסער זיינע נאַציאָנאַלע אמביציעס געווען.

און נאָך מער איינגעשטעלט איז געוואָרן דאַן דאָס אידישע לעבן אינערלעך. דאָס אידישע פאָלק איז ביז צו דער העכסטער מדרגה פון א קולטור פאָלק דאַן אויסגעוואַקסן. זיי זיינען א קולטורעל, איינגעצוימט פאָלק געוואָרן. עס איז פאַרשוואונדן געוואָרן דאַן פון אידישע לעבן די רויקייט, די פּרימיטיוויטעט, דאָס רעליגיעזע ווילדעווען, די מאָראַלע אומגעצוימקייט. און די נבואה דערשיינונג האָט דעריבער שוין ניט געהאַט מער דאַן קיין פּלאַץ, ניט לויט איר אינהאַלט און ניט לויט איר פאָרם, אין אידישן לעבן. עס איז אין דעם שוין מער קיין פּלאַץ ניט געווען, ווי עס איז אין די פריערדיקע צייטן געווען פאַר דער עקזאַלטירטער נבואה שפּראַך און פאַר דעם עקזאַלטירטן נבואה פּאַטאָס. דער נבואה טאָן האָט ניט געקענט מער צוגעפּאַסט זיין צו דעם שטילן רואיקן אידישן לעבן.

דער גרויסער כח מוסרי פון אידישן פאָלק, וואָס האָט וואונדערלעכן אויסדרוק געפונען אין דער נבואה־דערשיינונג, האָט איצט זיין אויסדרוק געפונען אין דעם, וואָס דאָס גאַנצע פאָלק, כמעט, איז אויף אַ גרויסער מדרגה פון מאָראַלן באַוואוסטזיין, פון הויכער קולטור געשטעלט געוואָרן. דער איכות פון זיין פריערדיקער מאַניפעסטאַציע איז אין פאַרגרעסערטער כמות פאַרוואַנדלט געוואָרן. ווען עס זיינען פילע פאָלקס־מענגען אויסער זיין השפעה געבליבן, האָט ער זיך אין דער פולער קראַפט זיינער אין יחידי סגולה קאָנצענטרירט. וואָס מער ער האָט אָבער אָנגעהויבן אויסדרוק צו געפינען אין די ברייטע פאָלקס־שיכטן, אַלץ מער האָבן די אָטאָמען זיינע צעוואָרפן געמוזט

בלייבן, אלץ וועניקער האָט זייער פולע קראַפט נאָר אין יחידי סגולה געקענט קאָנצענטרירט בלייבן.

די סופרים האָבן איצט דעם פלאַץ פון נביא פארנומען. און דאָס לייענען פון דער תורה אויף גרויסע עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען אָדער אין די געבעט הייזער האָט פארנומען דעם פלאַץ פון די נביאים ארויסטרעטונגען.

דאָס, וואָס דאָס גאַנצע אידישע לעבן, דאָס קאָלעקטיווע, ווי דאָס אינדיווידועלע האָט באַזירט דאן — אין אָט יענער עפּאָכע, וועגן וועלכער מיר האָבן גערעדט ביז איצט — אויף דער תורה, דאָס, וואָס דער שטודיום פון דער תורה איז געוואָרן דאן די הויפּט אינטעלעקטועלע באשעפטיקונג פון גאנצן פאָלק, און די פאַרשריפטן אירע די רעגולירנדע נאָרמען פון דעם אלטעגלעכן לעבן פון די אלע מיטגלידער פון אידישן ישוב דאן אין ארץ ישראל, האָט אויף א נאַטירלעכן און לאָגישן וועג געפירט צו דער ענטוויקלונג און פארמירונג פון אזוינע אינסטיטוטן אין אידישן לעבן וואָס זייער אויפגאבע זאָל זיין צו פפלעגן און שטארקן די אויבנדערמאָנטע אייגנשאפטן, מיט וועלכע דאָס אידישע לעבן האָט זיך דאָן אויסגעצייכנט. אזוינע אינסטיטוטן, וואָס זאָלן די מיסיע האָבן צו שאפן די נויטיקע באַדינגונגען, דורך וועלכע די טענדענצן און שטרעבונגען פון ארץ ישראל אידנטום דאן, זאָלן קענען זייער באפרידיקונג דערווערבן.

און אָט אזוי ארום איז אין יענעם דור שוין פאָלשטענדיק פארענדיקט געוואָרן דער ענטוויקלונגס־פּראָצעס פון די צוויי אינסטיטוטן אין אידישן לעבן, דער סופרים אינסטיטוט און דער כנסת הגדולה אינסטיטוט, די ענטוויקלונג פון וועלכע האָט זיך נאָך מיט אייניגע צענדליק יאָרן פריער אָנגעהויבן. עס איז איצט פאָלקאָם באַשטימט געוואָרן דער כאַראַקטער זייערער. עס איז איצט פאָלשטענדיק קלאָר געוואָרן די ראָלע, וואָס זיי זאָלן שפּילן אין אידישן לעבן. די דאָזיקע צוויי אינסטיטוטן, וואָס אין די ערשטע מאָמענטן פון זייער גרינדונג האָט זייער עקזיסטענץ נאָר א צייטווייליקע געשיינט צו זיין, האָבן זיך איצט טיף איינגעוואָרצלט אין אידישן לעבן געזען. עס איז קלאָר געוואָרן איצט, אז טראָץ דעם, וואָס דאָס לעבן פון די דאָזיקע צוויי אינסטיטוטן איז פון געוויסע היסטאָרישע מאָמענטן נאָר פאר געוויסע

צייטווייליקע אויפגאבן ארויסגערופן געוואָרן וועט עס דאָך לאַנג־דויערנד זיין.

דער סופרים אינסטיטוט, וואָס אין דעם ערשטן פעריאָד פון זיין אנטשטייאונג האָט ער נאָר באַשרענקטע, איינפאכע אויפגאבן פאַר זיך געהאט, האָט זיך די טעטיקייט זיינע איצט צעוואקסן איבער אַ גרויסן שטח פון זיינע ברייטע פיל פארצווייגטע, קאָמפּליצירטע אויפגאבן. און דאָס אייגענע איז אויך מיט דעם כנסת הגדולה אינסטיטוט פאָר־געקומען. פון אַ צייטווייליקן אינסטיטוט, וואָס האָט אויף זיך נאָר איין געוויסע אויפגאבע געהאט דורכצופירן, איז ער אין אַ פערמאַנענטן אינסטיטוט פאַרוואַנדלט געוואָרן, וואָס האָט אין אַ משך פון דורות און דורות געהאט צו דערפילן די וויכטיקסטע פונקציעס, וואָס קענען נאָר אירגענד וויכטיקן רעליגיעזן אינסטיטוט צוגעשריבן ווערן.

אויב אין דער ערשטער צייט איז די הויפּט טעטיקייט פון די סופרים באשטאנען הויפּטזעכלעך נאָר אין דעם, וואָס זיי האָבן די תורה אין פילע קאָפּיעס איבערגעשריבן, לאָזן זיי זיך איצט אלס די העכסטע רעליגיעזע אויטאָריטעטן זען אין אידישן לעבן; זען מיר זיי איצט פיגורירן אין אידישן לעבן ניט נאָר אלס איינפאכע איבערשרייבער פון דער תורה, נאָר אויך אלס אירע קאָמענטאַטאָרן, אלס אירע דערקלערער, אלס אירע דערגענצער, אלס די, וואָס האָבן ארום איר דעם „סייג" געמאכט.

און צו מען האָט זיי גערופן סופרים צוליב דעם מאָטיוו, וואָס די חז"ל גיבן אָן „מפני*) שהיו סופרין ומונין כל אותיות שבתורה" — ווייל זיי האָבן געציילט און גערעכנט די אלע אותיות פון דער תורה; אָדער, ווי זיי זאָגן אין אַנדער אָרט:**) „מפני שעשו את דבריהם ספורות", ווייל זיי האָבן איבערגעגעבן זייערע רייד אין צאָל פאָרמולן, ווי, למשל, „חמשה לא יתרומו וחמשה יתרומו" — פינף פערזאָן טאָרן ניט תרומה אראָפּנעמען און פינף מעגן יאָ אראָפּנעמען; צו מען האָט זיי גערופן מיט דעם נאָמען סופרים טראָץ דעם, וואָס זיי האָבן אזא רייכע פאַרצווייגטע טעטיקייט אָנגעפירט, דערפאר, וואָס מען

*) קידושין, ל.

**) ירושלמי שקלים, פרק ה', דף י"ג בש"ס ווילנא. און זע תוספות אין קידושין ל', א', ד"ה: נקראו סופרים.

האָט די פאָרגנגעגער זייערע מיט דעם דאָזיקן נאָמען גערופן: זיכער אָבער איז, אז אָט די טעטיקייט מיט די אלע סעיפים און סניפים אירע, וואָס ווערט זיי צוגעשריבן פון די חז״ל אין זייער דערקלערונג פאַר וואָס מען האָט זיי סופרים גערופן, האָט זיי ווירקלעך באַשעפטיקט גע־האַלטן.

מעג מען ניט איינפאַרשטאַנען זיין מיט דעם בעל „דורות הראשו־נים״, וועלכער באַהויפּטעט,*) אז די גאַנצע משנה אין אירע הויפּט יסודות האָט שוין אין דער צייט פון דער כנסת הגדולה עקזיסטירט, אַז צווישן די אלע דינים, וואָס באַלאַנגען צו דער „מדרבנן״־קאַטע־גאָריע, געפינט זיך ניט קיין איינער אפילו, וואָס זאָל זיין א פּראָדוקט פון א שפּעטערדיקער צייט פון דעם פּעריאָד יאָרן, אין וועלכן שמעון הצדיק האָט געלעבט, אויסער די איינציקע תקנות, וואָס ווערט בפירוש אָנגעגעבן וועגן זיי, אז זיי שטאַמען פון א שפּעטערער צייט און עס ווערן אָנגערופן די נעמען פון די, וואָס האָבן זיי מתקן געווען, ווי די תקנות פון יוסי בן יועזר, די תקנות פון בית דין החשמונאים, די תקנות פון יוחנן כהן גדול און שמעון בן שטח, און הלל הזקן און ענלעכע תקנות. זיכער איז אָבער, אז גאָר א גרויסע צאָל הלכות שטאַמען ווירקלעך פון יענע אַלטע צייטן, אז דאַן נאָך האָבן ווידער שוין אויך עקזיסטירט אין א געוויסן באַשטימטן סדר איינציקע הלכות זאמלונגען, וואָס זיינען בלשון חכמים געשריבן געוואָרן, אין א קורצער קאָנצענטרירטער שפּראַך, אין אן אפריזמען מעסיקן, פיין־געטאָקטן

*) „די משנה אינגאנצן, היינו דער יסוד המשנה — דאָס אלעס איז צוזאמען און פעסטגעשטעלט געוואָרן אין א באַשטימטער פעסטגעשטעלטער רעדאקציע מיט דער גאַנצער שפּראַך אירער, ווי זי איז איצט פאַר אונז און איז נמסר לרבים געוואָרן אין די טעג פון די אנשי כנסת הגדולה״...

„און אין די אלע רייד פון דער משנה האָבן מיר ניט קיינע דרשות און קיין סמך למקרא, וואָרום זיי — די אנשי כנסת הגדולה — האָבן אונדז ניט קיינע דרשות געדרשנט און זיי האָבן ניט צוגעגעבן זייערע רייד צום פּסוק. זיי האָבן מסדר געווען די רייד פון זייער קבלה.

און אויך די אלגעמיינע גרויסע תקנות, די אלע יסודות פון די תקנות מדרבנן — אויך זיי אלע איז די לעצטע צייט זייערע די צייט פון די אנשי כנסת הגדולה פאַר שמעון הצדיק. און נאָך יענע יאָהרען האָבן מיר שוין קיין איין יסוד מדרבנן ניט אין קיין איין אָרט ניט אפילו. דורות הראשונים, ספר ראשון, כרך שלישי, 204.

סטיל, אין דער פאָרם פון צאָל פאָרמולן אממערסטן. ביי דער דאָזיקער מיינונג האַלטן זיך די אלע אידישע געלערטע, וואָס האָבן וועגן דער ענטוויקלונג פון אונדזער תורה שבעל פה געשריבן, ווי קראָכמאַל, פראנקעל, ווייס און גרעץ, כאָטש אמת, זיי ציען ניט פון איר די אַלע נויטיקע קאָנסעקווענצן, וואָס מען קען און מען באַדאַרף ציען פון איר. די דאָזיקע מיינונג ווערט ווידער ביי זיי אויף א צופיל סכעמאַ־טישן אופן ארויסגעזאָגט. זי קומט ניט ביי זיי אין אויספירלעכע דעטאלן, זי ווערט ווידער ניט אוועקגעלייגט אלס באַזיס פאר זייערע ווייטערע שילדערונגען וועגן דער אנטוויקלונג פון דער תורה שבעל פה. די דאָזיקע מיינונג, וועלכע ווערט דאָ און דאָרטן ארויסגעזאָגט פון זיי, טראָגט דעם כאַראַקטער פון א צופעליקער באהויפטונג, וואָס דער אינהאלט אירער איז ניט אינגאנצן קלאָר פאר די וואָס מאכן זי און אין מאַנכע פעלע פאַרגעסן זיי גאָר אינגאנצן אין איר.

און דעריבער איז עס געווען מעגלעך פאר דעם בעל דורות הראשונים, ארויסצושטעלן די אויבנדערמאָנטע געלערטע, אין זיין ווערטער קאמף צו באַווייזן די ריכטיקייט פון זיין באהויפטונג וועגן דער אנטשטייאונג פון דער משנה, אלס אזעלכע, וואָס מען דארף אין זייערע רייד וועגן דער אנטשטייאונג פון דער תורה שבעל פה ניט נאָר קעגן דער הונדערט פראָצענטיקייט פון זיינע באַהויפטונגען א קעגנערשאפט געפינען, נאָר אויך קעגן דעם הויפט פרינציפ זייערן, וואָס דאָס איז זייער ניט ריכטיק, ווארום אין הויפט פרינציפ האָבן זיי נאָך פאר אים די זעלבע באַהויפטונג געמאכט, טראָץ דעם וואָס ער באקעמפט זיי אזוי ביטער אלס געפערלעכע קעגנער.

---

אזוי צי אזוי, לאָמיר זיך אָבער צוריק אומקערן צו דער אויבן־געמאכטער באַהויפטונג. אז פילע דינים און תקנות זיינען שוין געווען אין עקזיסטענץ אין דער צייט פון די סופרים — באווייזט די אלטקייט פון פילע פון זיי. עס ליגט דער שטעמפל פון יענער צייט אויף זיי. שוין אין די ערשטע דורות פון די ערשטע תנאים האָבן די דאָזיקע דינים אלס גאָר אלטע אָפשטאמלונגען געגאָלטן. מיר זען, למשל, אז די מצוה פון האַלטן שבת האָט שוין אין די צייטן פון די ערשטע יאָרן פון דער חשמונאים עפּאָכע גאָר א רייכע דינים פארצווייגונג פאַרמאָגט — אזוי, אז אידישע העלדן וואָס האָבן געקעמפט אונטער דער

פירערשאפט פון די חשמונאים קעגן דעם שונא זייערן, וואָס האָט געהאלטן ארץ ישראל אין די צוואנגען פון זיין הערשאפט, האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו שטעלן זיך קעגן דעם שונא, ווען יענער האָט באַלאַגערט אים שבת די הייל, אין וועלכער זיי האָבן זיך געפונען. יוסיפון ווידער דערציילט אונדז, אז די אידן, וואָס האָבן געדינט ביי אלכסנדר מוקדון אין דער ארמיי האָבן געפּאָדערט, אז מען זאָל זיי געבן געלט אַנשטאָט דעם בוימעל וואָס מען האָט געטיילט די זעלנער. מיר זען אלזא, אז דאן שוין זיינען אזוינע איסורים ווי עסן שמן עכו״ם, אָדער אזוינע שבת־דינים, וואָס דער יסוד זייערער איז איסור שבות, שוין אין עקזיסטענץ געווען, און די ברייטע שיכטן פון פאָלק האָבן מקפיד געווען, זיי זאָלן אין זיי שטארק נזהר זיין.

און אויך די שפּראך און פאָרם פון פילע הלכות פון דעם מין, וועגן וועלכע איך האָב פריער גערעדט, זיינען א געניגנדער באווייז אז די אלע דינים און תקנות, וועגן וועלכע עס ווערט אין די דאָזיקע הלכות גערעדט זיינען דערגאנגען צו אונדז פון שוין גאָר אלטע צייטן, פון דער צייט פון די סופרים און די אנשי כנסת הגדולה. אנאַ־לאָגיען צו פילע אייגנטימלעכקייטן פון דעם לשון חכמים, אין וועלכן די דאָזיקע הלכות זיינען געשריבן, געפינען מיר שוין אויך אין ספר בן סירא, וועלכער האָט געלעבט אין אין צייט מיט שמעון הצדיק אדער מיט ניט פיל יאָרן שפּעטער.

און דעריבער איז עס זיכער, אז די אלע דינים און תקנות, וואָס די חז״ל זיינען זיי מייחס צו די סופרים אָדער צו די אנשי כנסת הגדולה שטאַמען ווירקלעך פון יענער צייט אָפּ. דאָס, וואָס זיי האָבן אָפּט וועגן די אדער יענע תקנות געזאָגט אז זיי זיינען מדברי סופרים, אז זיי זיינען פון די תקנות, וואָס די אנשי כנסת הגדולה האָבן מתקן געווען, איז ביי זיי ניט נאָר א פיגוראַטיווער אויסדרוק געווען, צו באַ־צייכענען דורך אים די גאָר אַלטע אָפּשטאַמונג פון די דאָזיקע תקנות, ווי מען קען פאַרשטיין אין פילע פעלע דעם אויסדרוק זייערן „הלכה למשה מסיני״, מיט וועלכן זיי האָבן באַנוצן זיך אָפּט ווען עס קומט זיי אויס וועגן א געוויסער קאַטעגאָריע הלכות צו ריידן, אָדער דאָס צושרייבן זייערס פון פילע הלכות צו שלמה המלך אדער צו עתניאל בן קנז, נאָר זיי האָבן דאָס געמיינט טאַקע פשוטו כמשמעו.

און אויך דער שכל און די סברא זיינען מחייב, אז שוין אין די

ערשטע דורות פון די סופרים, האָט זיך געמוזט שטארק פארגרעסערן דער רעגלאַמענט פון די אידישע רעליגיאָנס נאָרמען, אז שוין אין יענער צייט האָט זיך געמוזט בילדן ארום דער תורה שבכתב אין א זייער באדייטענדער קוואַנטיטעט א מין תורה שבעל פה, אלס רעזול־טאַט פון דער גרויסער ענדערונג, וואָס איז דאַן אריינגעטראָטן אין אידישן לעבן, וואָס דאָס אידישע פאָלק אין דאַן אין די ברייטסטע שיכטן זיינע א שומר מצוה פאָלק געוואָרן. דאָס אידישע פאָלק האָט איצט, ווי קיינמאָל פריער אין זיין געשיכטע אַן אינטענסיווע פיל־פאַרצווייגטע רעליגיעזע קולטור פארמאָגט וואָס האָט די אלע פארשיי־דענע עלעמענטן פון פאָלק דורכגעדרונגען. דאַן איז דאָס אידישע פאָלק, ווירקלעך, א „ממלכת כהנים״ געוועזן. יעדער איד איז דאַן א כהן לאל עליון געוועזן, אין דעם זין וואָס ער האָט אין שטענדיקער רעליגיעזער באַהעפטונג מיט גאָט געלעבט, וואָס ער האָט זיך די גרעסטע מי געגעבן ער זאָל מיט גרויסער פּינקטלעכקייט, מיט גרוי־סער פאָרזיכטיקייט די אלע פאָרשריפטן פון דער תורה מקיים זיין. ביי יעדער קלייניקייט, וואָס ער האָט באַדאַרפט דאַן אין לעבן טאָן, האָט ער זיך אַרומגעקוקט, עס זאָל אלעס, ווי אין דער תורה שטייט, געטאָן ווערן. ביי יעדן פוס טריט, וואָס ער האָט אין לעבן געשטעלט, איז ער פאָרזיכטיק געוועזן, ער זאָל ניט קעגן גאָטס ווילן געריכטעט זיין. עס איז דעריבער אבסאָלוט אוממעגלעך פאר אונדז זיך פאָרצו־שטעלן, אז דאָס אלעס האָט געקענט ניט פירן צו דער פאָרמירונג שוין דאַן פון גאָר א באדייטענדן טייל פון דעם, וואָס מיר באצייכענען איצט אלס תורה שבעל פה. ווען דאָס פראַקטישע, אלטעגלעכע לעבן פון אידישן פאָלק איז נאָך ניט געשטאַנען אונטער דעם אויסשליס־לעכן קאָנטראָל פון דער תורה, האָט געקענט מעגלעך זיין, אז דער אידישער דת רעגלאמענט זאָל בלייבן אין דער פאָרם, ווי ער ווערט אין דער תורה פאָרמולירט. ווען עס איז אָבער אָנגעקומען די עפּאָכע פון דער אידישער צוגעבונדנקייט צו דער תורה, פון דעם שטרענגען מדקדק זיין פון אידישן פאָלק אין דעם אויספירלעכן מקיים זיין די אלע מצוות אירע, האָט זיך געמוזט אָנהויבן אן אינטענסיווע אינטע־לעקטועלע פראָדוקטיוויטעט, ניט נאָר אויף דעם געביט פון פעסט־שטעלן די עקזעקטע מיין פון פילע פאָרשריפטן פון דער תורה, ניט נאָר אויף דעם געביט פון פעסטשטעלן די ראַמען, די אופנים,

אין וועלכע די אדער יענע מצוות דארפן געטאָן ווערן; פון פעסטשטעלן געגוי די אלע פּרטים, אין דער באגלייטונג פון וועלכע עס דארפן קומען אָט יענע אלע פאָרשריפטן, וואָס זיינען אין דער תורה נאָר בדרך כלל געקומען; נאָר אויך אויף דעם געביט פון מחדש זיין נייע דינים, נייע תקנות וואָס האָבן באַדאַרפט אלס צוים — סייג — דינען פאר די פאָרשריפטן פון דער תורה ווי אויך אזוינע, וואָס זיינען פון סאָציאַלן כאַראַקטער געווען. אנדערש קען מען זיך גאָר ניט פאָרשטעלן דעם הויפּט אינהאלט פון דער טעטיקייט פון די רעליגיעזע פאָרשטייער פון אידישן פאָלק, די סופרים, אין יענע דורות. עס איז, ווירקלעך, שווער פאר אונדז זיך פאָרצושטעלן, אז דאָס אלעס, וועגן וועלכן איך האָב אויבן גערעדט, האָט געקענט ניט ארויסגעבראכט ווערן אין אידישן לעבן אין יענער צייט, ווען מיר פאַרגעסן ניט דעם פאַקט, אז אין משך פון יענע פילע דורות, פון דער צייט פון די ערשטע סופרים ביז דער צייט פון די ערשטע שוני הלכות, איז די תורה אין צענטער פון אידישן לעבן געשטעלט געוואָרן, איז דער אינטענסיווער שטודיום אין איר די „והגית בו יומם ולילה״ באשעפטיקונג פון פילע באדייטענדע גרופּן פון אידישן פאָלק דאן געווען.

---

די טעטיקייט אלזא פון די סופרים איז באשטאנען אין דעם, וואָס זיי האָבן די תורה מיט זייערע פּירושים דערקלערט: געגעבן פאר דעם עולם דעם ריכטיקן מיין פון די אַלע מצוות פון דער תורה, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין דעם, און די גענויע פאָרמולירונג פון די אלע פּרטים און אופנים, ווי אזוי די אדער יענע מצוות, וועגן וועלכע עס ווערט אין דער תורה נאָר בדרך כלל גערעדט, דארפן אויסגעפירט ווערן: אויסער דאָך, ווי איך האָב פריער געשריבן, אָט יענע תקנות און גזירות, וואָס האָבן דעם כאַראַקטער פון סאָציאלע רעפאָרמען געטראָגן, אָדער די, וואָס זיינען מיט דעם צוועק איינגעפירט געוואָרן, זיי זאָלן א „סייג לתורה״ זיין — וועלכע זיינען גאָר אינגאנצן דער אייגענער אויפטו פון די סופרים געווען.

א ביישפּיל פון דעם ערשטן סוג איז זייער פּירוש, אז דער פּרי עץ הדר פון דער תורה מיינט אַן אתרוג; אז עין תחת עין מיינט געלט; אז מיט דעם פּסוק זיבן טעג זאָל מען עסן מצות מיינט די תורה, אז די מצות דארפן זיין נאָר פון די מינים פון קאָרן תבואה;

אז דאָס וואָס שטייט אין דער תורה, אז די גאַנצע אידישע געמיינדע זאָל שעכטן פאַרנאַכט דעם קרבן פסח, מיינט עס, אז איינער זאָל שעכטן פאַר אלעמען, אז דאָס וואָס די תורה פאַרזאָגט אונז, מיר זאָלן נעמען דעם ערשטן טאָג סוכות די פירערליי פלאַנצונגען — מיינט עס ניט גלאַט אזוי אריינגעמען זיי אין הויז, נאָר דאָס מיינט, אז מען דאַרף טאַקע אוממיטלבאַר נעמען דעם אתרוג מיט דעם לולב אין דער האַנט.

צום צווייטן סוג באַלאַנגען די פאָלגנדע ביישפּילן, למשל, אין דער תורה שטייט נאָר בדרך כלל, אז מען טאָר קיין מלאכה ניט טאָן אום שבת. עס ווערט אין איר אָבער ניט אָנגעוויזן וואָס פאַר א מלאכות מען טאָר ניט טאָן. איז דאָס געווען די אַרבייט פון די סופרים פעסטצושטעלן וואָס פאַר א סאָרטן מלאכות עס גייען אריין אין דעם אַלגעמיינעם פאַרבאָט פון לא תעשה כל מלאכה, וואָס געפינט זיך אין דער תורה. אזוי האָבן זיי אויך דערקלערט, למשל, אז דער פאַרבאָט פון דער תורה לא תבשל גדי בחלב אמו — דו זאָלסט ניט קאָכן קיין ציגעלע אין דער מילך פון זיין מוטער — איז אויך כולל דאָס עסן.

און דער ענין פון תפילין באַלאַנגט שוין צו די ביידע סוגים, וואָס אמבאַלאַנגט דעם פירוש פון די סופרים, אז דער והיו לטוטפת בין עיניכם—און זיי זאָלן זיין פאַר א צירונג צווישן אייערע אויגן—מיינט לייגן תפילין — באַלאַנגט ער צום ערשטן סוג. און וואָס אמבאַלאַנגט דער פאָרמולירונג פון די אַלע פרטים, וואָס גייען צוזאַמען מיט דער מצוה פון תפילין לייגן, ווי די דערקלערונג, וואָס אזוינס תפילין מיינט, אז עס דאַרפן אין זיי פרשיות פון דער תורה זיין געשריבן און די באַשטימונג פון זייער צאָל און אַלע אַנדערע ענינים, וואָס גייען צוזאַמען מיט דער מצוה פון תפילין — באַלאַנגט ער צום צווייטן סוג.

און די דאָזיקע אַלע זייערע פירושים, דעפיניציאָנען און הגבלות האָבן זיי באַזירט אויף דער טראַדיציע, וואָס האָט אין פאָלק עקזיסטירט בנוגע צו פילע פאַרשריפטן פון דער תורה, ספּעציעל בנוגע צו די, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט קיינמאָל ניט אויפגעהערט מקיים צו זיין. און בנוגע צו די פאַרשריפטן, וואָס זיינען פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן אין א משך פון געוויסע פעריאָדן יאָרן, בנוגע צו די, וואָס די טראַדיציע האָט ניט געהאַט וואָס צו זאָגן וועגן זיי, אָדער עס איז אין לויף פון דער צייט פאַרגעסן געוואָרן די דערקלערונגען און אויסטייטשונגען

אירע וועגן זיי, האָבן די סופרים דעם מיין און די אויספירלעכע דעפי־ציאָנען און נאָרמען פון די דאָזיקע פאַרשריפטן פעסטגעשטעלט אויף דעם גרונט פון זייערע לאָגישע און פילאָלאָגישע אַנאַליזן און פאָר־שונגען, וואָס זיי האָבן געמאכט איבער די פסוקים פון דער תורה, אין וועלכע עס רעדט זיך וועגן יענע פאַרשריפטן. אַ דאַנק זייערע ברייטע און גרויסע ידיעות אין דער העברעאישער שפראך זיינען זיי בכח געווען דאָס צו טאָן. איבער דעם זעלבן וועג זיינען זיי אויך געגאנגען אין די דקדוקי מצות זייערע, דאן ווען זיי האָבן פון דעם געבאָט אָדער פאַרבאָט פון דער תורה א נייעם ענלעכן צו זיי צווייג ארויס־געבראכט, וואָס אויגנשיינלעך האָט ער קיין אחיזה ניט געהאט אין דעם, וואָס עס האָט זיך אין איר וועגן דעם אָרגינאַל זיינעם גערעדט; אדער ווען זיי האָבן פון יענע פארבאָטן און געבאָטן א געוויסע פאָר־צווייגונג דערוויטערט טראָץ דעם, וואָס פון אויבנאויף האָט עס גע־שיינט, אז זי גייט יאָ צוזאַמען מיט יענע פארבאָטן און געבאָטן לויט דעם ווי זיי ווערן פאָרמולירט אין די רייד פון דער תורה.

די פאָרם, אין וועלכער די סופרים האָבן באַקאנט געמאכט פאר דעם פאָלק די גדרים און סייגים זייערע, וואָס זיי האָבן צו דער תורה געמאכט, און הויפטזעכלעך, זייערע פירושים און הגבלות צו די פאַרשריפטן פון דער תורה, איז אויף פאָלגענדן אופן געווען: דאָס אלעס, וואָס זיי האָבן געהאט צו זאָגן וועגן די פארשידענע מצוות פון דער תורה, אין זין פון פעסטשטעלן גענוי דעם מיין פון דער תורה, דאָרטן וואו עס איז פאראן דערויף די נויטווענדיקייט, אין זין פון באַשטימען גענוי די תנאים און אופנים, אין וועלכע די אדער יענע מצוות דארפן דורכגעפירט ווערן, אין זין פון ציען די גאנצע ליניע פון די אלע „היוצא לנו מזהס״, וואָס דאַרפן און קענען איבער די וועגן פון אַנאַליזן און לאָגישע פאָרשונגען ארויסגעבראכט ווערן פון דער קאָנצענטרירטער פאָרמולע, אין וועלכער די אדער יענע מצוה ווערט אין דער תורה איבערגעגעבן; אָדער אין זין פון צוגעבן זייערע אייגענע גדרים סייגים, וואָס מען קען זיי דורך די דיאלעקטישע מע־טאָדן, דורך פארגלייכונגען און אַנאַליזן, ניט ארויסלערנען פון דער תורה; זייערע אייגענע גדרים און סייגים, וואָס האָבן באַדאַרפט דינען נאָר אלס פעסטונג צו שיצן די תורה־פאַרשריפטן, אין וועלכע זיי זיינען אָנגעהאנגען געוואָרן — דאָס אלעס האָבן זיי באקאנט געמאכט פאר

דעם פאָלק צוזאַמען מיט דער באַקאַנטמאַכונג פון דעם טעקסט פון דער תורה אין יענעם אָרט, אין וועלכן עס רעדט זיך וועגן דעם הויפּט אינהאַלט פון דעם ענין וואָס זיי האָבן באַשפּראָכן. „די דברי סופרים" זיינען ניט געלערנט געוואָרן פון די סופרים באַזונדער נאָר צוזאַמען מיט די דברי תורה. די סופרים האָבן פאַרשפּרייט צווישן פאָלק*) זייערע לערן און אינסטרוקציאָנען אין באַצוג צו דעם, ווי אַזוי די מצוות זאָלן דורכגעפירט ווערן, דאַן, ווען זיי האָבן אויף עפנטלעכע צוזאַמענ־קונפטן די תורה פאַרגעלעזן און פאַרטייטשט פאַר דעם פאָלק. זיי האָבן זייערע פירושים, זייערע דקדוקי מצוה און חדושי מצוה סומך געווען צו די פסוקים פון דער תורה. ווען פאַרלעזנדיק די תורה פאַר דעם פאָלק, זיינען זיי צוגעקומען צו אַ געוויסער מצוה, האָבן זיי דאַן די דאָזיקע מצוה באַגלייט מיט זייערע פירושים און ערגענצונגען, ווען זיי זיינען למשל צוגעקומען צום פּסוק „אל יצא איש ממקומו", האָבן זיי דערקלערט פאַר זייערע צוהערער, דעם ריכטיקן מיין פון דאָזיקן זאַץ. ווען זיי זיינען צוגעקומען צום פאַרבאָט פון „לא תעשה כל מלאכה" האָבן זיי דאַן געגעבן פאַר די צוהערער די גענויע דיפע־ניציאָן פון טערמין מלאכה און אויסגערעכנט די אלע אַרבעטן, וואָס עס איז אויף זיי דער איסור מלאכה חל. ביים פּסוק „בסכות תשבו שבעת ימים", האָבן זיי די דינים פון סוכה געגעבן. און אַזוי אין אַלע אַנדערע פעלע. ביי יעדער מצות האָבן זיי די אַלע דינים, וואָס זיינען נוגע צו יענער מצוה געגעבן. די מצוה פון דער תורה איז אַזוי אַרום איינס מיט דעם אַלעם, וואָס די סופרים האָבן צו איר צוגעגעבן, ביים פאָלק געוואָרן. דער דאָזיקער סדר הלמוד פון די סופרים האָט אין זיך די גרויסע מעלה געהאַט, וואָס דורך אים האָט זיך די סופרים איינגעגעבן, אַז זייערע לערן זאָלן איינגעהיט ביים פאָלק בלייבן. דאָס איז דערגרייכט געוואָרן צוליב דעם, וואָס די לערנער האָבן זייערע רייד צוזאַמען מיט די רייך פון די תורה איינגעלערנט; יעדן מאָל, ווען זיי האָבן דעם פּסוק פון דער תורה געלערנט, האָבן זיי זיך באַלד דערמאָנט אויך אין דעם בייגייענדן מיט איהם פירוש פון די סופרים.

---

*) אויף אַ מער אַלגעמיינעם וועג, אין אַ מער קאָנצענטרירטער פאָרם אין זייער אַרויסטרעטונג פאַר דעם פאָלק, און מער ברייטער, אויספירלעכער אין די אַקאַדעמיען, וואו זיי האָבן מיט זייערע תלמידים מובהקים געלערנט.

אלס ראיה דערויף, אז דער סדר הלמוד פון די סופרים איז געווען, סומך צו זיין זייערע לערן צו די פסוקים פון דער תורה, אז זייערע רייד זיינען צוזאַמען מיט דעם טעקסט פון דער תורה געגאַנגען ברענגט רבי זכריה פראנקעל, און נאָך אים רבי אייזיק הירש וויס איי־ניקע משנות אין משניות, וואָס ליגט אויף זיי דער שטעמפל פון טיפן עלטער, ווי די משנה „כיצד ראית הבית" אין נגעים, סדר טהרות פרק י"ב משנה ה׳, און די משנה וועגן כהן משוח און נאָך אייניקע אנדערע משנות. אין די דאָזיקע משנות קומען פסוקים און האלבע פסוקים פון דער תורה צוזאמען מיט פאראגראפן, וואָס זיינען אין דעם געוויינלעכן לשון חכמים פון דער משנה געשריבן. די פסוקים פון דער תורה און די פאראגראפן, וואָס זיינען מיט דעם געוויינלעכן סטיל פון דער משנה געשריבן, קומען דאָרטן אין אזא קאָמבינאציע, אז עס באקומט זיך דער איינדרוק, אז די פסוקים פון דער תורה זיינען דער באַזיס פון דער משנה. די פסוקים פון דער תורה זיינען אין יענע משנות אזוי צוזאַמענגעפלאָכטן מיט די פרטים, וואָס ווערן צו זיי אין די באַשפּראָכענע משנות צוגעגעבן, אז דער כאַראַקטער פון די דאָזיקע משנות שיינט צו זיין, ווי א פירוש אויף די פסוקים פון דער תורה. ווילן דעריבער יענע געלערטע האָבן, אז דאָס זיינען משנות, וואָס זיינען דערגאַנגען צו אונדז פון דער צייט פון די סופרים, און זיי דאַרפן אונדז דינען אלס מוסטער פון דעם דרך הלמוד פון די סופרים, אלס מוסטער פון דעם, אין וואָס פאר א פאָרם די סופרים האָבן מפרסם געווען זייערע לערן פאר דעם פאָלק און פאר זייערע תלמידים.

דער אמת איז אָבער, אַז, ווי ריכטיק עס זאָל ניט אַן און פאַר זיך זיין די באַהויפּטונג וועגן דעם טיפן עלטער פון אָט יענע אויבנ־דערמאָנטע משנות, קען מען זיי דאָך ניט ארויסשטעלן אלס זיכערן עדות אויף דעם דרך הלמוד פון די סופרים. עס איז כלל ניט קיין נויטווענדיקייט פאַראַן צו זאָגן אז די דברי המשנה אין יענע משנות קומען אלס פירוש צו די פסוקים פון דער תורה, וואָס ווערן אין זיי געבראכט. אין דעם איז גערעכט דער בעל דורות הראשונים, וואָס באַהויפּטעט, אז אין יענע הלכות געפינען זיך כלל ניט, וואָס אמבאַ־לאנגט זייער קאָנסטרוקציע, אזוינע עלעמענטן, וואָס מען זאָל גאַר ניט קענען געפינען אין פילע אנדערע הלכות, וואָס זיינען זיכער פון א גאנץ שפּעטערדיקער אָפּשטאמונג. מען קען מיט רעכט זאָגן, אז די פסוקים

פון דער תורה ווערן געבראַכט אין יענע הלכות ניט אלס באַזיס, עס זאָל נאָכדעם אויף זיי די משנה אלס פירוש קומען, נאָר אלס פרטים פון די אלע דינים, וואָס ווערן אין יענע הלכות אויסגערעכנט אין צו־זאַמענהאַנג מיט דעם ענין, וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין זיי. און ווייל די דאָזיקע פרטים ווערן שוין אין דער תורה אָנגעגעבן, דעריבער קומען זיי אין דער שפּראַך פון דער תורה, וואָרום צו באַגעגענען דעם לשון תורה אינמיטן דעם לשון חכמים איז גאָר ניט אַזאַ זעלטענע אויסנאַמע. אָפּטמאָל טרעפט מען אין דער משנה און אין דער גמרא, ווי זיי באַנוצן זיך מיט דעם לשון תורה, מיט אַן אויסדרוק אָדער אַ מליצה פון תנ״ך, ווי זיי האָבן נאָר דערויף די פּאַסיקע געלעגנהייט אויך פעלע פון פסקי הלכות פאָרמולירן איינגעשלאָסן.*)

דאָס אבער, וואָס מען קען פון יענע משנות קיין ראיה ניט ברענגען פאַר דער פריער באַשפּראָכענער באַהויפּטונג וועגן דעם דרך הלמוד פון די סופרים, וואָס דער פאָטער אירער איז רבי נחמן קראָכמאַל געוועזן, מוז אָבער נאָך ניט אונדז פירן דערצו, מיר זאָלן דאַרפן זי דערקלערן אלס פאַלש. מיר קענען און דאַרפן אויך על פי הסברא והשכל קומען צו איר. ווען מיר ווילן זיך שאַפן אַ בילד וועגן דעם, ווי אַזוי די סופרים האָבן געמוזט זייער תורה מרביץ ברבים זיין, טרעט אַרויס דאַן פאַר אונדז דאָס בילד, וואָס יענע באַהויפּטונג גיט אונדז אלס דאָס נאַטירלעכסטע און לאָגישסטע פאַר יענער צייט. דאָס פאַרשפּרייטן די ידיעה פון דער תורה שבכתב איז דאַן אין צענטער פון דער דערציערישער טעטיקייט פון די גייסטיקע פירער פון פאָלק געשטאַנען, דאָס איז כמעט זייער אויסשליסלעכע באַשעפטיקונג געווען, אין קיין אַנדער צייט איז אָט די ארבעט אַזוי אינטענסיוו, אַזוי אומאויפ־הערלעך ניט אָנגעפירט געוואָרן פון די לערער פון פאָלק, ווי אין יענער צייט. מאַכן דאָס אידישע פאָלק פאַר למודי ה׳ האָט אין יענער טיפער אַלטער צייט געהייסן אויסשליסלעך צו פאַרשפּרייטן די ידיעה פון דער תורה שבכתב צווישן פאָלק. קיין רייכע, פיל פאַרצווייגטע תורה שבעל פה איז דאַן נאָך ניט געווען. עס איז דעריבער זייער לאָגיש צו דענקען, אַז דאָס ביסל „תורה שבעל פה״, וואָס איז דאַן שוין יאָ

*) און דאָסזעלבע געפינען מיר ביים רמב״ם אין „יד החזקה״.

די סופרים

געוועזן, האָבן די סופרים אָנגעהאנגען אין דער תורה שבכתב, אַז זיי האָבן זייערע דעפיניציאָנען, און ערגענצונגען צו און וועגן די מצוות פון דער תורה אין דער באגלייטונג פון דעם טעקסט פון דער תורה אלס פירושים און דערקלערונגען צו אים געגעבן.

ב

# „מדרש כתובים" און „מקרא כתובים"

דער אינערלעכער אימפעראַטיווער כאַראַקטער פון פאָרמולן, אין וועלכע געשריבענע פאַרשריפטן און געזעץ נאָרמען מוזן געפורעמט ווערן. — די אויפגאַבן, פון וועלכע די סופרים האָבן זיך ניט געקענט פריי פילן, ווען זיי האָבן אינטער־פרעטירט די תורה פארן פאָלק. — כללים און פרטים. — הויפּט פּרינציפּן און זייערע נאָענטע און ווייטע פאַרצווייגונגען. — דער קאַמף פון רבי יצחק אייזיק הלוי. — ווען א אומשטרייטבאַרער לאָגישער אמת ווערט אין א היסטאָרישן אמת פאַרוואַנדלט.

און אין דעם גרעסטן טייל אירן — וועלכער איז אגב אויך דער וויכטיקסטער אין איר — קען די באַהויפּטונג, וועגן וועלכער מיר האָבן אין פריערדיקן קאַפּיטל גערעדט, פאַרוואָרפן ווערן נאָר דאַן, ווען מיר זאָלן קענען האָבן א פאָרשטעלונג וועגן דער באַשפּראָכענער עפּאָכע, וואָס זאָל זיין פונקט דער היפּוך פון דער פאָרשטעלונג, וואָס מיר האָבן וועגן איר, פון דער פאָרשטעלונג, וואָס מיר מוזן האָבן וועגן איר; ווען מיר זאָלן צוזאַמען מיט דעם פאַרוואָרפן פון דער דאָזיקער באַהויפּטונג קענען אויך פארוואָרפן — א זאַך, וואָס איז נאַטירלעך, אבסאָלוט אויסגעשלאָסן — יעדער דערלאָזבארקייט, אז די גייסטיקע פאָרשטייער פון אידישן פאָלק פון יענער עפּאָכע האָבן זיך באַשעפטיקט דערמיט, זיי זאָלן דעם וויסן פון תורה צווישן דעם פאָלק פאַרשפּרייטן. ווארום עס איז דאָך קלאָר, אז ווי אייזן שטארק, מיר זאָלן זיך ניט האלטן אין דער מיינונג, אז אין יענער צייט האָט נאָך דער ענין פון „מדרש כתובים" ניט עקזיסטירט, מוזן מיר נאָך

אַלץ די איבערצייגונג האָבן, אז די לערער פון פאָלק האָבן זיך ניט געקענט באנוגענען דאן, ווען זיי האָבן די תורה פאָרגעלעזן פאר דעם פאָלק, נאָר מיט פאַרטייטשן זי ווערטערלעך, מוזן מיר נאָך אלץ די איבערצייגונג האָבן, אז ניט נאָר האָבן זיי זיך אויך געמוזט באַשעפ־טיקן דאן מיט דערקלערן, דעפינירן און קאָמענטירן זי אין געוויסע שטעלן, נאָר אַז אָפטמאָל האָבן די דאָזיקע קאָמענטאַריען זייערע אויך פון א גאָר ברייטן כאַראַקטער געמוזט זיין.

אין יעדן קאָדעקס פון געשריבענע פאָרשריפטן און געזעצן נאָרמען געפינען זיך פילע פאָרמולן, וואָס נויטיקן זיך אין אן אויסטייטשונג, וואָס ליגט ניט אובנאויף אין דעם ווערטלעכן זין פון די ווערטער, ניט נאָר הערויף, כדי מען זאָל פון אים קענען ארויסלערנען בנוגע צו אן ענין, וועגן וועלכן עס ווערט ניט גערעדט אין די קאָדעקס נאָרמען וועלכער שטייט אין געוויסער קאַטעגאָריאַלער פאַרוואַנדשאַפט מיט דעם ענין, וועגן וועלכן עס רעדט די געשריבענע פאָרמולע, נאָר אויך דערויף, עס זאָל דער געשריבענער פאָרשריפט ארויסגעבראַכט ווערן אין די אלע שאַטירונגען זיינע, עס זאָל קלאָר ארויסגעבראַכט ווערן די אויספירלעכע דעפינירונג זיינע. און א פשיטא שוין, אז דאָס אַלעס איז אַן אומטיילבארער אטריבוט פון די אין דער תורה געשרי־בענע געזעצן. אין פילע פעלע זיינען די פאָרשריפטן־פאָרמולן אירע גאָר אינגאנצן ניט פארשטענדלעך. דורכדעם וואָס עס איז ניט קלאָר דער מיין פון א געוויסן וואָרט אָדער דער זין פון א געוויסער פראַזע אָדער אויסדרוק, איז גאָר אינגאנצן ניט קלאָר וועגן וואָס פאר א מצוה עס ווערט אין זיי גערעדט. און נאָך מער גרעסער איז די צאָל פון די פאָרמולן, וואָס די מצוות ווערן אין זיי נאָר אין כלל זייערן פאָר־מולירט, אין וועלכע עס קומט נאָר דער הויפט פרינציפ פון די מצוות, וועגן וועלכע עס ווערט אין זיי גערעדט, אָבער ניט די וויכטיקע פרטים פון דעם כלל, די אלע וויכטיקע בייגייענדע מאָמענטן פון דעם, וואָס ווערט בדרך כלל אין יענע פאָרמולן וועגן די מצוות, וואָס רעדט זיך אין זיי געזאָגט.

עס איז אַלזאָ ווירקלעך קלאָר, אז די סופרים האָבן זיך ניט געקענט באנוגענען נאָר מיט א ווערטערלעכער פאַרטייטשונג פון דער תורה, ווען זיי האָבן זי פאר דעם פאָלק געלעזן.

ווען זיי זיינען צוגעקומען, למשל, צום פאַרבאָט פון „לא תבשל גדי בחלב אמו", האָבן זיי דאָך געמוזט דערקלערן פאַר זייערע צו־הערער, אַז דער לא תבשל מיינט ניט נאָר איסור בישול, נאָר אויך איסור אכילה. ביים „ולקחתם לכם פרי עץ הדר", האָבן זיי דאָך גע־מוזט אָנווייזן, אַז מיט דער פרי, וואָס ווערט אין דעם פסוק דערמאָנט מיינט מען דעם אתרוג. זיי האָבן דאָך אויך ניט געקענט פאַרבייגיין דעם „והיו לטוטפות בין עיניך" — ניט דערקלערנדיק דערביי, אַז דאָס מיינט מען תפילין, — אָדער דעם „וזבחת כאשר צויתיך", ניט דערקלערנדיק דערביי, אַז דאָס גייט אויף דעם ענין פון שחיטה, און דאָס זעלבע האָבן זיי געמוזט טאָן אויך אין פילע אַנדערע שטעלן. צי די אַלע אויסטייטשונגען און דעפיניציאָנען פון די סופרים בנוגע די מצוות פון דער תורה זיינען געווען אַ זאַך פון טראַדיציע: זיי האָבן אין פאָלק די גאַנצע צייט עקזיסטירט, איבערגייענדיק פון דור צו דור, אָדער פילע פון זיי זיינען פון די סופרים אליין פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך שקול הדעת און סברא און דורך זייערע ברייטע און טיפע ידיעות אין דער העברעאישער שפּראַך, וועלכע האָבן זיי גע־געבן די מעגלעכקייט דעם ריכטיקן מיין מיט די אַלע בייגייענדע קאָנסעקווענצן זיינע פון פּראָבלעמאַטישן פסוק פעסטצושטעלן — אין דעם אויבנאויפיקן זין פון די ווערטער פון דער תורה געפינען זיי זיך דאָך ניט. די צוהערער פון די פאַרלעזונגען פון דער תורה האָבן דעריבער ניט געקענט צוקומען צו זיי פון זיך אליין, נאָר זיי האָבן געמוזט געבראַכט ווערן צו זיי פון די לערער זייערע. וואָס איז אָבער דאָס אַלעס, אויב ניט דאָס, וואָס אָט יענע פריער געבראַכטע באַהויפּ־טונג וועגן דעם דרך הלמוד פון די סופרים לערנט אונדז?

און מערקווירדיק איז דאָס, וואָס טראָץ דעם, וואָס די דאָזיקע באַהויפּטונג שיינט אַזוי ריכטיק און לאָגיש צו זיין, טראָץ דעם, וואָס עס ליגט אויף איר אַזאַ שאַרפער שטעמפּל פון היסטאָרישער דער־לאָזבאַרקייט, ווערט זי דאָך געוואַלדיק ביטער באַקעמפט פון גרויסן גאון רבי יצחק אייזיק הלוי אין „דורות הראשונים" זיינעם.

דער קאַמף זיינער אָבער קעגן דער דאָזיקער באַהויפּטונג איז ניט קיין פּרוכטבאַרער און די אַרגומענטן זיינע זיינען ניט קיין איבער־צייגנדע. ריכטיקער געזאָגט — אין דעם קאַמף זיינעם, וואָס ער פירט קעגן דער דאָזיקער באַהויפּטונג זיינען גאָר אינגאַנצן קיין אַרגומענטן

ניטאָ. דער איינציקער ארגומענט זיינער איז דאָס, וואָס ער איז, ווי איך האָב שוין פריער געשריבן, מבטל די ראיה, וואָס פראנקעל און וויס ברענגען פון די פריער געבראכטע משנות. די דאָזיקע ראיה איז אָבער, ווי איך האָב עס שוין באַוויזן פריער, ניט פון אַזאַ כאַראַק־טער, וואָס אַז זי ווערט בטל, מוז אויך בטל ווערן די באַהויפּטונג, וואָס באַזירט אויף איר, ווי פילע אַנדערע ראיות דורך וועלכע עס ווערן געוויסע באַהויפּטונגען באגרינדעט. אויב די באשפּראָכענע באַהויפּטונג קען קיין חזוק ניט האָבן פון די אויבנגעבראכטע משנות, האָט זי גענוג חזוק אין זיך, אויף וויפיל זי אנטהאלט אין זיך אומבאַ־שטרייטבאַרן לאָגישן אמת, דורך וועלכן זי ווערט אויף אונדז ארויפ־געצוואונגען אויך אלס היסטאָרישער אמת. וואָס אָמבאַלאַנגט ראיות פון דעם זעלבן טיפּ, פון וועלכן עס איז די ראיה, וואָס זיי ברענגען פון יענע משנות, פאַרמאָגן זיי ניט אויך זיין קעגן באַהויפּטונג, אַז די סופרים האָבן פאַרשפּרייט זייערע לערן נאָר אין דער זעלבער פאָרם, אין וועלכער מיר האָבן פאַר זיך איצט די משניות צוזאַמענגעשטעלט. דער אונטערשיד איז נאָר אין דעם, וואָס דאָן, ווען זייער — טעקסט־ואל — ראיותלאָזע באַהויפּטונג האָט אויף איר זייט די לאָגיק און דעם שכל הישר, דאָן, ווען זי איז פון אַזאַ כאַראַקטער, וואָס זי באַ־דאַרף — שוין ניט ריידנדיק וועגן דעם, אַז זי קען — פון אונדז אקצעפּטירט ווערן, דאָן, ווען זי איז אין אנקלאנג מיט די מסקנות, צו וועלכע מיר וואָלטן וועגן דעם ענין באַדאַרפט קומען אויף דעם גרונד פון די לערן וועגן עוואָלוציאָנערער אנטוויקלונג, איז דאָס די קעגן באַהויפּטונג פון הלוי ניט, האָט זי דעם שכל הישר און די לאָגיק קעגן זיך און איז פון אזא כאַראַקטער, אַז זי מוז דורכאויס — שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז זי קען — פאַרוואָרפן ווערן.

און אויך דער אַרגומענט זיינער קעגן דער דאָזיקער באַהויפּטונג אין נאָמען פון דער טענה, אַז דער „מדרש כתובים” איז אַ זאַך, וואָס מען האָט ערשט אין די שפּעטערע דורות אָנגעהויבן צו פּראַקטיצירן, אז די סופרים האָבן זיך נאָך דערמיט ניט באַשעפטיקט, אויך דער דאָזיקער ארגומענט האָט גאָר קיין האַפט ניט, ווי דער לעזער האָט עס פאַרבייגייענדיק אליין געקענט ארויסלערנען פון דעם, וואָס איך האָב פריער געזאָגט אין אַן אַנדער צוזאַמענהאַנג מיט דעם באשפּראָ־כענעם טעמא.

וואָרום אין דער באַשפּראָכענער באַהויפּטונג איז גאָר ניטאָ אזוינס, צוליב וועלכן מיר זאָלן מוזן אָננעמען, אַז די סופרים האָבן זיך פאַר־נומען מיט דעם פיל פארצווייגטן און קאָמפּליצירטן מדרש כתובים, וואָס די גאָר שפּעטערע חכמי התלמוד האָבן פּראַקטיצירט, מיט וועלכן עס האָבן זיך אפילו די גאָר ערשטע תנאים באַשעפטיקט, מיט דעם מדרש כתובים, וואָס איז איבער די וועגן פון סכאָלאַסטישן פּלפּול געגאַנגען, וואָס האָט זיך מיט ווייטלויפיקע דרשות וועגן אַ געוויסן אות אָדער וואָרט פון דער תורה פארנומען*) מיט דעם מדרש כתובים, וואָס האָט די אלע „אכ"ען און גמען געדרשנט און איז אין זיין הויפּט עיקר נאָר דרש, און ניט פּשט, געוועזן.

וואָס די דאָזיקע באַהויפּטונג זאָגט, איז נאָר דאָס, אז די סופרים האָבן צוזאמען מיט דעם טעקסט פון דער תורה, וואָס זיי האָבן פאר זייערע צוהערער פאָרגעלעזן, אויך זייערע אויסטייטשונגען און דער־קלערונגען צו אים געגעבן, וואָס אָן זיי וואָלט דאָס פאָלק ניט גע־וואוסט, ווי געוויסע מצוות מקיים צו זיין. און אויב אויך דאָס אלעס קען אלס מדרש כתובים באַצייכנט ווערן, איז דאָס אלנפאלס אזאַ מדרש כתובים, וואָס מוז פאר יענער עפּאָכע אלס אַן אומטיילבארער טייל פון „מקרא כתובים" באַטראַכט ווערן, אַזאַ מדרש כתובים, וואָס איז אין עצם עיקר זיינעם טאָקע ניט מער ווי נאָר פּשט. אַזאַ מדרש כתובים, וואָס האָט באַזירט אויף לאָגישער אויסטייטשונג, אויף עק־זאקטער וויסנשאפטלעכער פאָרשונג.

*) מערקווירדיק אינטערעסאַנט איז דאָס, וואָס נאָך אַן אינטענסיוון פאַרטיפן זיך וועגן דאָזיקן ענין, מוזן מיר קומען צום באשלוס, אז אין אלגעמיינעם כאַראַקטער זיינעם איז דער דאָזיקער מעטאָד ווירקלעך שוין אין די גאָר אַלטע צייטן באַנוצט געוואָרן, אז טאָקע אויך די סופרים האָבן זיך שוין באַשעפטיקט מיט אים.

ג

# קדמות ההלכה

**פאָזיטיווער אינהאלט און צוגעשריבענער נעגאַטיווער אינהאלט. — דער הלוי שרייבט צו צו די באַהויפּטונגען, וואָס ער באַקעמפט אזוינע עלעמענטן, וואָס געפינען זיך גאָר אין זיי ניט. — די פראַגע וועגן דעם : ווען איז דער סדור המשנה פאָרגעקומען. — זיינע באַהויפּטונגען און די באַהויפּטונגען פון פילע אידישע גרויסע געלערטע, געגן וועלכע ער טרעט אין אזא שאַרפן קאמף ארויס. — אין לעצטן סך הכל איז דער דאָזיקער קאַמף, כמעט, אן אומזיס־טיקער, אן אומבאַרעכטיקטער.**

און נאָך מער ביטער, ווי דער הלוי באַקעמפט די אין פאַריקן קאַפּיטל געבראַכטע באַהויפּטונג אין די פאָזיטיווע עלעמענטן אירע, באַקעמפט ער זי אין אירע נעגאַטיווע עלעמענטן. פיל מער, ווי ער באַקעמפט זי דערפאַר, וואָס זי איז מחייב, באַקעמפט ער זי דערפאַר, וואָס זי איז, לויט אים נאָך, שולל. פיל מער, ווי ער באַקעמפט זי דערפאַר, וואָס ער האָט אין איר געפונען וועגן דעם דרך הלמוד, וואָס די סופרים האָבן לויט איר נאָך יאָ פּראַקטיצירט, באַקעמפט ער זי דערפאַר, וואָס ער האָט אין איר געוואָלט געפינען בנוגע זייערע אָנשויאונגען אויף דער אנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון דער תורה שבעל פה. ער שרייבט צו דער דאָזיקער באהויפּטונג אזוינע עלע־מענטן, וואָס געפינען זיך אין איר גאָר ניט. ער מאַכט צוליב דער דאָזיקער באהויפּטונג אזוינע באשולדיקונגען אויף די טרעגער אירע, וואָס פּאַסן זיך צו זיי ניט מער, ווי זיי וואָלטן זיך צו אים אליין געפּאַסט.

דאָס, וואָס זיי זאָגן, אַז די סופרים האָבן סומך געווען זייערע פּירושים ווי אויך די דעפיניררנדע דערקלערונגען בנוגע געוויסע מצוות, צום פּסוק, גיט אים אויף א מאָדנעם אופן, די מעגלעכקייט, ארויסצושטעלן זיי אלס אזעלכע, וואָס גלויבן ניט אין קדמות התורה

שבעל פה, אלס אזעלכע, וואָס גלויבן, אז די גאַנצע תורה שבעל פה אויך אין אירע פילע וויכטיקע הויפּט יסודות, איז ניט מער ווי דער פּראָדוקט פון די שפּעטערדיקע דורות, אז זיי באַהויפּטן, אז דער סדור המשנה איז טאַקע שיעור ניט ערשט דורך רבי פאַרגעקומען; אַז נאָר ערשט מיט א פּאָר דורות פריער, נאָך הלל און שמאי, האָבן די לומדים די הלכות אין א באַדייטנדער קוואַנטיטעט אָנגעהויבן צו געפינען פאַר זיך.

און מיט די גרעסטע זלזולים וואַרפט ער זיך ארויף אויף זיי פאַר די דאָזיקע — פון זיין אייגענער פאַנטאַזיע צו זיי צוגעשריבענע — באַהויפּטונגען און מיינונגען גלייך, ווי ער וואָלט דאָ, חלילה, שיעור ניט גאָר איינגאַנצן מיט כופרים בעיקר געהאַט צו טאָן. א גאַנצן גרויסן באַנד, כמעט, ווידמעט ער דעם קאַמף זיינעם אנטקעגן זיי. אויף הונדערטער זייטן באַקעמפט ער די דאָזיקע מיינונגען און באַהויפּטונגען זייערע אין נאָמען פון די באַהויפּטונגען און מיינונגען, וועלכע ער פאַרטרעט.

די זאַך איז אָבער, אַז טאַקע אַט די אַלע באַהויפּטונגען און מיינונגען, אין נאָמען פון וועלכע ער באַקעמפט עס אזוי ביטער זיינע געגנער, זיינען אייגנטלעך דוקא זייערע אייגענע אויף וויפיל עס האַנדלט זיך וועגן דעם וויכטיקסטן טייל זייערן, אויף וויפיל עס רעדט זיך ניט וועגן די עקסטרעמע קאָנסעקווענצן, וואָס באַגלייטן ביים הלוי די דאָזיקע באַהויפּטונגען און מיינונגען.

דער הלוי באַהויפּטעט, אז די אַלע הלכות, אויף וועלכע דער יסוד המשנה באַזירט, שטאַמען פון די גאָר אַלטע צייטן, ניט שפּעטער פון לעצטן דור פון די אנשי כנסת הגדולה. און דערביי זאָגט ער די דאָזיקע מיינונג ארויס אין אַזאַ טאָן גלייך, ווי ער וואָלט דאָ ארויסגעזאָגט אַזאַ מיינונג, פון וועלכער קיינער האָט ביז אהער גאָר ניט געוואוסט, א מיינונג, וואָס דאַרף באַגעגענען די געגנערשאַפט פון דער גאַנצער וועלט. דער אמת איז אָבער, אז אַט די באַהויפּטונג איז געמאכט געוואָרן נאָך פריער אַט פון יענע געלערטע טאַקע, וואָס ווערן אזוי שטאַרק באַקעמפט פון אים. דער אונטערשייד איז נאָר אין דעם, וואָס אנשטאָט דעם, וואָס ער זאָגט אַלע, קומט לויט זייערע רייד נאָר אויס, כמעט ווי אלע. ווען מען נעמט אָבער אין אַמבאַטראַכט, אז דאָן ווען ער רעדט פון דער קדמות ההלכה רעדט

ער נאָר ווענן די אבות הלכה, וואָס קומען אין יסוד המשנה אריין, ווי ער אליין זאָגט עס, ווערהענד, ווען זיי ריידן וועגן דער קדמות ההלכה, ריידן זיי דאן וועגן איר אין דעם מער גרעסערן כלל אריין; ווען מען נעמט נאָך אויך אראָפּ דערצו די אלע תקנות דרבנן, וואָס אויף זיי ווערט גערופן דער נאָמען פון געוויסע בתי דינים אָדער יחידים פון נאָך דער סופרים עפּאָכע, ווערט דער אונטערשייד דאן צווישן זייך אלע און זייער כמעט ווי אלע, כמעט ווי נול.

און ווען מען נעמט נאָך דערצו אין אמבאטראכט אויך דאָס, אז אויך אָט יענע אלע ווייניקע הלכות, וואָס געפינען זיך איבער דעם שטח, וואָס צווישן זיין אַלע און זייער כמעט ווי אלע, קען מען — אָדער: מען דאַרף — ניט — אויך לויט זיי נאָך מאחר זיין שפּעטער פון דעם ערשטן דור פון די שוני הלכות, וואָס דאָס מיינט, מיט א דור שפּעטער פון לעצטן דור פון די סופרים — א פּעריאָד פון דרייסיק־פערציק יאָר בסך הכל — ווערט שוין דאַן דער אונטערשייד ניט נאָר, כמעט, ווי נול, נאָר אויך, טאַקע, ניט מער, ווי נול.

און ווי עס שטייט מיט דעם עצם עיקר פון די באַהויפּטונגען זיינע, אַזוי שטייט עס אויך מיט די ראיות זיינע. פילע פון די ראיות, וואָס ער ברענגט, געפינען זיך אויך ביי די געלערטע, וואָס ער מיט זיך ארויסצושטעלן זיי אלס געגנער פון די באַהויפּטונגען, וואָס ער מאַכט דעם אָנשטעל, אַז נאָר ער אליין פאַרטרעט זיי. און די איבעריקע ראיות, וואָס ער ברענגט — אויב זיי געפינען זיך ניט ביי זיי אין דער בחינה פון „בפירוש איתמר", געפינען זיי זיך ביי זיי אין דער בחינה פון „מכללא איתמר". זיי זיינען מרמז אויף זיי דורך דעם, וואָס זיי זאָגן נאָך די פון זיי געבראַכטע ראיות, אַז אויסער די דאָזיקע ראיות, וואָס זיי האָבן יאָ געבראַכט, געפינען זיך נאָך פילע אנדערע ראיות, וואָס זיי ברענגען ניט.

און די משנה ווערט צעטיילט — שרייבט רבי זכריה פראַנקעל אין זיין „דרכי המשנה"*) — אויף זעקס ספרים. און מיר האָבן שוין אויפמערקזאַם געמאַכט אויבן, אַז פילע הלכות זיינען ארויסגעגאַנגען אָדער פון מויל פון די סופרים אָדער פון מויל פון די זוגות. און מיר ווען דאָ דערמאָנען בקיצור דעם ענין פון ששה סדרים און די

*) דרכי המשנה, וואַרשע, תרפ"ג, זייט 15.

צייט פון זייערע הויפט הלכות. דער סדר זרעים — איז דער רוב פון זיינע הלכות האָט אָן אָנגאנג נאָך אין ארץ ישראל, און איז אָן שום ספק נתיסד געוואָרן אין די שרשים און אין די יסודות זיינע אין א פריערדיקער צייט. און אויך די הלכות פון די הייליקע טעג, וואָס געפינען זיך אין סדר מועד, זיינען ארויסגעגאנגען אין עיקר זייערן פון מויל פון די סופרים און אויך פון מויל פון די דורות, וואָס זיינען נאָך פאר זיי געווען, ווי עס ווייזן די רייד פון ירמיהו י״ז. פיל הלכות פון סדר נשים ווערן צוגעשריבן צו די סופרים, ווי עס געפינט זיך אין א משנה פון יבמות פרק ד׳ משנה ד׳. און אויך דער תיקון הכתובה איז זייער אַן אַלטער. ווארום שמעון בן שטח איז געקומען און האָט שוין געמאַכט א תיקון צו דער תקנה (כתובות סוף פרק ח׳ און זע אין ירושלמי דאָרטן). און דער עיקר דיני הקדושין זיינען אויך נתיסד געוואָרן אין די אלטע צייטן, ווי מיר האָבן אויבן דערמאָנט. די אנשי כנסת הגדולה האָבן מזהיר געווען: „הוו מתונים בדין״, קען מען אורטיילן דערפון, אז דער עיקר דיני ממונות איז שוין פון גאָר לאַנג נתיסד געוואָרן, און יעדער איינער, וואָס וואַרפט א קריטישן בליק אויף דער מסכת סנהדרין פארשטייט, אז אויך די דינים פון עונשי בית דין זיינען געזאָגט געוואָרן אין די ערשטע צייטן. אויך פילע דינים אין דעם ענין פון עדות זיינען זייער־זייער אַלטע, און שוין אין די טעג פון שמעון בן שטח זיינען זיי א שטאַרקער יסוד געווען. די הלכות פון די קרבנות זיינען זייער אַלטע און זיינען נתיסד געוואָרן על פי הכהנים. דאָס מיינט, פון דעם בית דין של כהנים, ווי עס וועט דערקלערט ווערן ווייטער אין פרק ב׳. דער סדר טהרות איז דער גרעסטער פון די אלע מסכתות, און דאָס באווייזט אויף דעם שטענדיקן שטודירן זייערס דעם דאָזיקן ענין. און מיר האָבן שוין לאַנג אויפמערקזאם געמאכט, אז פון די צייטן פון די מאקאבעער און אויך פריער נאָך האָבן זיי זיך און זייערע עסנס בטהרה אָנגעהויבן צו פירן. און אויך די גזירות, וואָס זיינען נגזר געוואָרן אין יענער צייט אין דעם ענין פון טומאה און טהרה באווייזן, אז די הלכות וועגן דעם דאָזיקן ענין זיינען זייער אַלט.

און דאָס זעלבע כמעט געפינען מיר אויך ביי קראָכמאל, אזוי אז דער הלוי שטורמט ווירקלעך אומזיסט די וועלט, אז זי וויל ניט דעם ענין פון קדמות התורה שבעל פה אנערקענען.

ד

# קדמות המשנה

**די ענטשטייאונג פון דער משנה; — דער אופן פון איר הויפּט פאָרמירונג. — וואָס קראָכמאַל, פראַנקעל און אייזיק הירש ווייס זאָגן וועגן דעם דאָזיקן ענין. — דעם הלויס אומגערעכטע און אומבאַרעכטיקטע באַשולדיגונגען געגן זיי. — דער יסוד המשנה און דער פאַרענדיקטער משניות בנין פון רבי עקיבאָן, וועלכער איז דער פּראָטאָטיפּ פון רבי יהודה הנשיאס משניות געווען. — אייניקע מסכתות אין די ששה סדרי משנה זיינען שוין אין די גאָר אַלטע צייטן אין דער זעלבער רעדאַקציע און צוזאַמענשטעלונג געווען, אין וועלכע זיי געפינען זיך איצט פאַר אונז.**

און אין א גאָך מער שאַרפן טאָן פון אַן ענטדעקער ארגומענטירט דער הלוי, ריידנדיק וועגן דעם ענין פון קדמות ההלכה, ווען ער אָפּערירט מיט דעם לעצטן טערמין ניט אין זין פון אינהאַלט פון דער הלכה, נאָר אין זין פון רעדאַקציאָנעלן נוסח אירן, אין זין פון דער פעסט־געשטעלטער פאָרמולא, אין וועלכער עס קומען די פאָרשריפטן, וועלכע די הלכות באַהאַנדלען: דאָן, ווען ער באַשפּרעכט דעם ענין פון דער ענטשטייאונג פון דער משנה, דאָן, ווען ער רעדט פון דער צייט און פון דעם אופן פון איר הויפּט פאָרמירונג. ער רעדט דאָן אין אַזאַ טאָן גלייך, ווי ער וואָלט דאָ ווירקלעך גאַנץ נייע אמעריקעס ענטדעקט, וואָס קיינער פון די ראשונים און פון די אחרונים האָט גאָר די קלענסטע אַנונג וועגן זיי ניט געהאַט, און א פּשיטא שוין, אז עס האָבן פון זיי ניט געוואוסט די פון אים באַקעמפטע קראָכמאַלס און פראַנקעלס פון לעצטן יאָרהונדערט. ער טוט זיך די גרעסטע אָנ־שטרענגונג אָן, ארויסצושטעלן די דאָזיקע קלאַסיקער פאָרשער פון חכמת ישראל אין לעצטן יאָרהונדערט אלס אזעלכע, וואָס האָבן גע־גלויבט, אַז די פאָרמירונג פון דער משנה אין דער פאָרם, וואָס מיר האָבן זי איצט פאַר זיך, אויך אין די הויפּט יסודות אירע אפילו — האָט זיך אָנגעהויבן ניט פריער, ווי אין רבי עקיבאס צייטן, אז דער

ערשטער סדר המשניות איז ערשט דורך רבין פאַרגעקומען. שטורמט ער די דאָזיקע אַנשויאונג און באַהויפּטעט, אַז די אַלע משנות, וואָס מיר האָבן איצט פאַר זיך — זיינען די יסודות זייערע, דאָס מיינט, אָט יענער טייל פון טעקסט, וואָס מען קען און מען באַדאַרף אָפּטיילן פון שפּעטערדיקע צו אים צוגעגעבענע הוספות בלשונם ובסגנונם, וואָס מיר זעען זיי איצט פאַר זיך, צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן ניט שפּעטער, ווי אין דעם לעצטן דור פון די אנשי כנסת הגדולה.

לאָזט זיך אָבער אויך דאָ אויס, אַז אויב מען קען, כמעט ווי גאַרניט אויסזעצן קעגן דער באַהויפּטונג, וואָס ער מאַכט, קען מען אָבער זייער פיל אויסזעצן קעגן דעם, וואָס ער גיט זיי אַלס זיין אייגענע אָן, וואָס קומט כלומרשט באַקעמפן די געגנגעזעצטע צו איר באַהויפּ־טונגען, וואָס האָבן ביז אהער געהערשט איבעראַל.

וואָרום דער אמת איז, אַז טראָץ דער שאַרפער אַקצענטירונג זיינער, אַז ער קומט דאָ צו אונדז מיט אַ גוואַלדיק נייער אַנטדעקונג, האָט ער דאָך פאַר אונדז אַזאַ נייע אַמעריקע אַנטדעקט, וואָס איז שוין פאַר אים פון פילע אַנדערע, אָט פון יענע אַלע טאַקע, וואָס ער שרייבט זיי געגנגעזעצטע אַנשויאונגען צו, ענטדעקט געוואָרן. דער אמת איז, אַז די דאָזיקע אַלע באַהויפּטונגען וואָס ער מאַכט, זיינען אָן די עקס־טרעמע ביי מאָמענטן, וואָס זיינען צו זיי צוגעגעבן ניט מער, ווי אַ ווידערהאָלונג פון אָט יענע באַהויפּטונגען, וואָס אָט יענע אַלע פון אים באַקעמפטע געלערטע האָבן געמאַכט.

ווידער און אָבער ווידערהאָלט ער, אַז פראַנקעל און וויס און אַנדערע גלויבן און באַהויפּטן, אַז די פאָרמולירונג פון די הלכות, אַז די צוזאַמענשטעלונג פון דינים אין אַ געוויסער באַשטימטער שפּראַכ־לעכער פאָרם האָט זיך אָנגעהויבן אין די גאָר שפּעטערע צייטן. דער אמת איז אָבער, אַז דאָס, וואָס מיר געפינען אין זייערע ספרים, איז פּונקט דער געגנזאַץ פון דעם, וואָס ער שרייבט זיי צו.

נעמען מיר, למשל, דעם ערשטן, רבי זכריה פראַנקעל, קעגן וועלכן עס זיינען די שאַרפע פיילן פון דער בייזער פען פון הלוי הויפּטזעכלעך געריכטעט, געפינען מיר אין זיין „דרכי המשנה" דעם פאָלגענדן פּאַראַגראַף: „וואָרום פילע הלכות", וואָס ווערן געלערנט אין דער משנה זיינען זייער אַלטע און זיי זיינען איבערגעבליבן אין די פּאַרצייטיקע טעג פון מויל פון די סופרים און פון מויל פון די חכמים,

וואָס זיינען מתקני תקנות געווען, און אויך די אלטע און אויך די נייע, וואָס די חכמי ההלכה האָבן ארויסגעבראכט, און אויך די מחלוקת פון די דאָזיקע חכמים זיינען געלערנט געוואָרן אין די בתי מדרשים און זיי זיינען איבערגעבליבן אין דער האַנט פון די תלמידים, ווי זיי האָבן זיי געהערט פון מויל פון זייער רבין איש מפי איש.״

פון דעם אלעם איז קלאָר, אז די מיינונג פון רבי זכריה פראנקעל איז ווייט, ווי מזרח איז פון מערב ווייט פון דער מיינונג, וואָס דער הלוי שרייבט אים צו. און נאָך קלערער באַווייזן דאָס די מערערע פאַראַגראַפן, וואָס איך האָב אין אן אנדער צוזאַמענהאנג אין פאַריגן קאַפּיטל פון „דרכי המשנה״ געבראכט.

דער אינהאלט פון די אין יענעם קאַפּיטל געבראכטע ציטאַטן איז דאָך, כמעט דער זעלבער, ווי דער אינהאלט פון דער באַהויפּטונג, וואָס דער הלוי גיט אלס זיין אויסשליסלעך אייגנטום אָן. ער רעכנט דאָך דאָרטן אלע סדרים אויס, זאָגנדיק וועגן זיי, אז דער גרעסטער טייל פון די הלכות, וואָס קומען אריין אין זיי, זיינען — אויך אין דער שפּראַך און פאָרם זייערער — דערגאַנגען צו אונדז פון די סופרים. נאָך מער, אויף פילע פון זיי, זאָגט ער, אז זיי שטאַמען פון גאָר פריער. און אויב אַזוי, וואָס־זשע דען, אלזא, הייסט דאָס אלעס, אויב ניט דאָס זעלבע, וואָס דער הלוי זאָגט, אז דער יסוד המשנה איז שוין אין די צייטן פון לעצטן דור פון די אנשי כנסת הגדולה אין עקזיסטענץ געווען.

און אין אן אנדער אָרט ווייזט ער אָן דערויף, אַז די גאַנצע מסכת כלים פון סדר טהרות איז שוין גאָר אין די אלטע צייטן אין דער זעלבער רעדאקציע און צוזאַמענשטעלונג, אין וועלכע זי געפינט זיך איצט פאַר אונדז, געווען, און ווען ער רעדט פון הלל שטעלט ער אים בכלל ניט ארויס אלס דעם גרינדער פון די תורה שבעל פה דאָקטרינען, אלס דעם ערפינדער פון אייניקע כללים און מדות, דורך וועלכע די תורה דינים באַדאַרפן געדרשנט ווערן, ווי דער הלוי דערציילט אונדז וועגן אים, נאָר אלס דעם, וואָס האָט די פון שוין לאנג עקזיסטירנדע, מדות, שהתורה נדרשת כהן, נאָר צונויפגעזאַמלט און אין זייער ענטגילטיקער רעדאַקציאָנעלער פאָרמולירונג געגעבן. ער דערציילט אונדז אויך וועגן אים, אז ער האָט זיך אויך מיט דעם ענין פון סדר המשניות באַשעפטיקט. און עס איז דעריבער אויך

קלאָר, אז דאָס, וואָס רבי זכריה פראנקעל זאָגט: „און אין דעם דריטן דור פון רבי יוחנן בן זכאי איז אויפגעשטאַנען רבי עקיבא, אָט יענער גרויסער מענטש, וואָס האָט אָנגעהויבן מייסד צו זיין די משנה און דעם ווינקלשטיין אירן געלייגט", קען ניט מיינען, אז רבי עקיבא איז דער, וואָס האָט דער ערשטער די הלכות אין דער פאָרם פון משניות געגעבן, אז ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט די דינים, די תקנות און די הלכה פאָרמולעס, וואָס מיר געפינען איצט אין דער משנה פארקערפערט, נאָר, אז דער גאנצער סדר המשנה, וואָס מיר האָבן איצט פאַר זיך, האָט געהאט פאר זיך דעם פראָטאָטיפּ זיינעם אין דעם סדר המשניות פון רבי עקיבא, אז שוין רבי עקיבא האָט די אלע הלכות, וואָס האָבן זיך ביז זיין צייט געפונען, זייער ענדגילטיקע רעדאקציע געגעבן, ווי אויך צונויפגעזאמלט זיי צוזאַמען אין באזונדערע מסכתות און אין באזונדערע פרקים אין דעם סדר און אין די איינ־טיילונגען, וואָס מיר געפינען אין סדר המשניות פון רבין. ווארום רבי האָט זיין סדר המשניות אויף דעם סדר המשניות פון רבי עקיבא געבויט, צוגעבנדיק הויפּטזעכלעך צו אים נאָר דאָס אלעס, וואָס איז אויף דעם פעלד פון דער תורה שבעל פה נתחדש געוואָרן אין משך פון רבי עקיבאס צייטן ביז זיין אייגענעם דור.

און ביי רבי נחמן קראָכמאל ווערט דאָס אלעס נאָך מער שאַר־פער און קלאָרער ארויסגעזאָגט. ניט נאָר שטעלט ער ניט ארויס רבי עקיבאן אלס דעם, וואָס האָט ערשט דעם יסוד פון בנין המשנה געלייגט, נאָר ער שרייבט בפירוש, אז דער גאַנצער משניות — נאָטיר־לעך רעדט זיך ניט וועגן די מסכתות אדער וועגן די משנות, אָדער געוויסע טיילן זייערע וואָס עס איז קלאָר פון ענין אדער צוליב דעם, וואָס די חכמי התלמוד גיבן אונדז איבער זייערע אייגענע קבלות וועגן דעם אלעם, אז זיי זיינען א פּראָדוקט פון א שפּעטערדיקער צייט — אין דעם סדר, אין דער שפּראַך, אין דעם סטיל אין וועלכע מיר האָבן אים איצט פאר זיך איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן נאָך פון הלל הזקן אין דער זעלבער פאַנאַנדערטיילונג אויף מסכתות, פרקים, הלכות, אין וועלכער מיר געפינען אים איצט.

און נאָך מער: אפילו אָט די מסכתות, וואָס זיינען אין א שפּע־טערער צייט צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן זיינען זיי נאָר — זאָגט אונדז רבי נחמן קראָכמאל — וואָס אַמלאַנאַנגט זייער קאָלעקטיוון כאַראַקטער

א שפעטערער פראָדוקט. וואָס אמבאַלאַנגט אָבער די באַזונדערע טיילן דיזערע, וואָס אמבאלאנגט די באזונדערע הלכות, וואָס קומען אין זיי אריין — איז די זאַך קלאָר, אז זיי זיינען כמעט אַלע געלערנט געוואָרן אין זייער שפּראַך און אין דער עיקר פאָרם זייערער א סך פריער פאַר רבין. א גרויסער טייל פון זיי אין די טעג פון רבי עקיבא און א טייל אין די טעג פון הלל און די אלטע, די קורצע, וועלכע זיינען אויך אין עיקר זייערן גאָר ניט ווייניק אין צאָל, זיינען געווען נאָך פאַר אים.

און אין אנאנדער פלאַץ זאָגט ער, אז די פילע גריכישע ווערטער, וואָס מיר געפינען אין די פארשידענע ענינים פון דער הלכה זיינען א געניגנדער באַווייז אי אויף דער קדמות ההלכה און אי אויף דעם קדמות סגנון ההלכה.

און נאָך מער ער זאָגט בפירוש, אז אויך דער ענין פון צוזאמענ־נעמען די אלע הלכות אין איין מסכתא איז ניט נאָר אַן אַלטער, נאָר אויך א פארצייטיקער, וואָס האָט זיך געלאָזט מערקן שוין אין ערשטן פעריאָד יאָרן פון די שוני הלכות באלד נאָך דעם לעצטן דור פון די אנשי כנסת הגדולה.

„אויך דער אָנהויב — שרייבט ער אויף אַן אַרט — פון דעם צוזאַמענוועבן די הלכות אין מסכתות איז גאָר אַן אַלטער און האָט געהאט אַן אָנגאַנג אויך אין דער אלטער און קורצער הלכה. ווי מיר זעען עס פון דעם, וואָס זיי זאָגן אין דער משנה ערלה (ב׳ י׳): עלמה אמרו כל המחמץ והמתבל והמדמע״.

און אין נאָך אנאנדער פלאַץ שרייבט עס פאָלגנדעס: „דער כלל איז, אז די ראיות דערויף זיינען גאָר אינגאנצן איבעריק. ווארום דער גרעסטער טייל פון די הלכות אין עיקר זייערן, און ספּעציעל די, וואָס אין די סדרים פון זרעים, קדשים און טהרות זאָגן אליין עדות אויף זיך, אז זיי זיינען פארפאסט און געלערנט געוואָרן אין דער עיקר פאָרם זייערער, ווען דער בית המקדש איז געבויט געווען און די אידן האָבן זיך אין א זייער גרויסן קבוץ געפונען אויף זייער ערד. היינו אין יענע צוויי הונדערט און אכציק יאָר, וואָס מיר האָבן באַשטימט אויבן, וואָס צווישן שמעון השני ביז דעם חורבן״.

פון דעם אלעם איז אלזא צו זעען, אז די באהויפּטונג פון הלוי, אז ניט נאָר איז ניט רבי עקיבא דער ערשטער געווען וואָס האָט די

משנה אָנגעהויבן מיסד צו זיין, נאָר עס איז דאָס אויך דער ערשטער דור פון די תנאים הלל ושמאי ניט געווען, אז דער יסוד פון דער משנה איז שוין פון לאנג גרייט פאר זיי געלעגן, איז פיל פריער פאר אים נאָך אין דעם גאַנצן אינהאלט אירן פון רבי נחמן קראָכמאל ארויס־געזאָגט געוואָרן. פון דעם אלעם איז צו זעען, אז די באהויפטונג זיינע, אז צוליב דעם, וואָס זיי — די פראנקעלס און קראכמאלס — „האָבן געזען אין דער משנה, ווי עס ווערן אין איר געבראכט על פי רוב נעמען נאָר פון די טעג פון שמאי און הלל און ווייטער, האָבן זיי גערעכנט, אז פון דאַן אָן האָט זיך עס אלעס אָנגעהויבן און אז אלעס איז פון זיי געמאכט געוואָרן", איז א פאלשע. אז אויך זיי האָבן ניט ווייניקער פון אים געוואוסט דאָס אלעס, מיט וועלכן ער גרויסט זיך אזוי.

און אויך די אנווייזונג זיינע, וועלכע איז דער דערגענצנדער טייל פון דער איבן דערמאָנטער באהויפטונג זיינער, אז אין דעם משניות, וואָס מיר האָבן פאר זיך געפינען זיך צוויי טיילן: איין טייל, וואָס איז דער יסוד המשנה, וועלכער שטאַמט בלשונו ובסגנונו פון גאָר אַלטע צייטן און א צווייטער טייל וואָס איז ענטשטאַנען אין דער צייט פון דער תנאים עפּאָכע אויף די יסודות — אין גאָר ברייטן זין — פון דעם אלטן יסוד המשנה, אז א גרויסע צאָל — ער שרייבט אלע, וואָס קען זיין ריכטיק נאָר בדוחק גדול — פון די עלעמענטן פון צווייטן טייל איז ניט מער, ווי נאָר א פשט אָדער א שקלא וטריא אויף און אין דעם דאָזיקן אלטן פריער גייענדן יסוד המשנה, אז אויך דער גרעסטער טייל פון די מחלוקות פון די בית הלל און בית שמאי זיינען ניט מער, ווי נאָר א מחלוקת וועגן דעם, ווי מען דארף די פריער גייענדע הלכה, וואָס קומט אין דער משנה אלס דער יסוד אירער פאר זייערע ריידי, אויסטייטשן אדער א שקלא וטריא וועגן דעם — אין וואָס פאר א ריכטונג מען דארף ציען די מסקנות, וואָס מען קען פון איר ארויסברענגען; אויך די דאָזיקע אָנווייזונג, אויף וועלכער דער הלוי איז באַזונדערס שטאָלץ, וואָס ער שטרייכט מיט באַזונדער פלייס אונטער אלס זיין אייגענע, געפינען מיר קלאָר ארויסגעבראכט ביי קראָכמאל:

„אין די מערסטע פעלע — שרייבט ער — זעען מיר, אַז זיי האָבן דעם לשון ראשון איבערגעלאָזט אויף זיין אָרט, נאָר זיי האָבן

איִם מבאר געווען און מוסיף דברים געווען אויף אים. און דערויף און אויף ענלעכעס צו דעם האָבן זיי מרמז געווען דערמיט, וואָס זיי האָבן געזאָגט: „ומשנה לא זזה ממקומה", און דערמיט, וואָס זיי האָבן געזאָגט: „זו משנה ראשונה" און זיי האָבן געזאָגט: „זה משנת רבי עקיבא, אדער זו משנה ראשונה", און אָט איז א ביישפיל — אויך דער הלוי ברענגט די ראיות, וואָס ער ברענגט — וועגן דעם באור פון דער משנה אויף א הלכה קצרה: „און ביי וואָס האָבן זיי געזאָגט צוויי שורות אין קעלער — (ארויסצוברענגען) „יעדער אָרט, וואָס באַדאַרף בדיקה האָבן." זעען מיר, אז די דאָזיקע משנה איז גאָר אַן אלטע שוין אין דעם נוסח. ווארום די צוויי אַקאַדעמיען האָבן שוין געקריגט וועגן דעם פשט אירן."*)

אמת דער הלוי וויל האָבן אז דער גאנצער יסוד המשנה פון אונדזער משניות איז שוין אין לעצטן דור פון די אנשי כנסת הגדולה פאַרטיק געווען. דערצו האָט ער זיך שוין, לויט אים נאָך אויך דאָן פונקט אין דעם זעלבן סדר געפונען, אין וועלכן ער געפינט זיך אין אונדזער סדר המשניות. ער איז שוין דאַן, הייסט עס איינגע־טיילט געווען אין די זעלבע סדרים, מסכתות, פרקים, הלכות, משנות, אין וועלכע מיר זעען אונדזער משניות איינגעטיילט.

דער אמת איז אבער, אז פון די אלע ראיות, וואָס ער ברענגט, געפינט זיך אפילו קיין איינע ניט וואָס זאָל קענען מאמת זיין די דאָזיקע באַהויפּטונג זיינע. זיי זיינען אלע שטאַרק גענוג צו מאמת זיין דעם גאַנצן אינהאלט פון דעם אלעם, וואָס רבי נחמן קראָכמאל זאָגט וועגן דעם דאָזיקן ענין, אָבער ניט מער. די אלע ראיות, וואָס ער ברענגט באווייזן נאָר דאָס, אַז דער גאַנצער יסוד המשנה, כמעט, האָט זיך שוין ווירקלעך פאַר די אויגן פון די בית שמאי און די בית הלל געפונען אין דער זעלבער שפּראַך און פאָרם, אין וועלכע מיר

*) אין צוזאַמענהאנג מיט דעם, וואָס ווערט דאָ אין פנים געזאָגט, איז אינטערעסאַנט אָנצואווייזן דערויף, אז אלע געלערטע, וואָס שרייבן וועגן דעם דאָזיקן ענין, ברענגען אָט דעם „ובמה אמרו במרתף", פון דער ערשטער משנה אין „פסחים" אלס אן אומבאשטרייטבארן באַווייז אויף קדמות המשנה אין פילע פון אירע הויפּט טיילן. קיינער פון זיי דערמאָנט אבער ניט, אז אויף דער אייגנטימלעכקייט פון דער דאָזיקער משנה ווערט שוין אין דער הגה"ה — פון ספר כריתות ארויס־גענומען — וואָס געפינט זיך אין דער הקדמה פון רמב"ם צום פירוש המשניות זיינעם — אָנגעוויזן, ווי אויך — אין אלגעמיינע שטריכן — אויף די מסקנות, וואָס מען קען פון איר ארויסדרינגען.

געפינען אים אין אונדזער משניות. זיי קענען אָבער בשום אופן ניט באַוויַיזן, אַז די דאָזיקע אַלע הלכות וואָס בילדן דעם איצטיקן יסוד המשנה טייל זיינען שוין דאַן אויך אין זעלבן סדר צוזאַמענגעשטעלט געווען, אין וועלכן עס איז אונדזער משניות צוזאַמענגעשטעלט, אַז הלל איז ניט געווען דער ערשטער אויך וואָס אַמבאַלאַנגט דעם צו־זאַמענשטעלן פון די הלכות אין די איצטיקע סדרים און מסכתות דייערע, ווי עס איז צו זען פון תלמוד. און פונקט, ווי זיי קענען דאָס ניט באַוויַיזן, אַזוי קענען זיי אויך ניט באַוויַיזן, אַז דער גאַנצער יסוד המשנה האָט אין אירגנד וועלכער פאָרם דוקא שוין אין לעצטן דור פון די אנשי הכנסת הגדולה עקזיסטירט. א גרויסער טייל פון אים יאָ. אינגאַנצן אָבער ניט, אלנפאלס זיינען דערויף קיינע באוויַיזע פאַראַן. די אַלע ראיות, וואָס ער ברענגט באוויַיזן נאָר, אַז אין דור פון הלל ושמאי האָט ער עקזיסטירט. מיט אנדערע ווערטער — הייסט עס: אַז די דאָזיקע אַלע באהויפּטונגען, וואָס דער הלוי גיט אלס זיינע אָן, זיינעןווירקלעך זייער ריכטיק נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל עס האנדלט זיך וועגן זיי לויט דעם, ווי זיי ווערן ביי קראָכמאַלן פאָרמולירט. אויף וויפיל עס האנדלט זיך אבער וועגן די „לרחק מן השכל" עלעמענטן, וואָס דער הלוי גיט צו צו זיי, זיינען זיי פאַלש.

---

און אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס מיר האָבן אין א פריערדיקן קאַפּיטל געשריבן וועגן דעם דרך הלמוד, וואָס די סופרים האָבן פראַקטיצירט, ווען זיי האָבן מרביץ תורה געווען צווישן פאָלק, דאַרף נאָך אויך צוגעגעבן ווערן, אַז אָט יענע אַלע געלערטע, וואָס דער הלוי באַקעמפט זיי אַזוי ביטער פאַר די אַנשויאונגען, וואָס זיי פאַר־טרעטן אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָזיקן ענין, באהויפּטן כלל ניט, אַז זייערע לערן האָבן די סופרים נאָר צוזאמען מיט דעם טעקסט פון דער תורה באַקאַנט געמאַכט פאַר דעם פאָלק, אַז דער איינציקער, אויסשליסלעכער וועג, אויף וועלכן זיי זיינען געגאַנגען אין זייער אַקאַדעמיע, די מסורת אבית אָדער ווי אויך די אַלע פון זיי אַליין אַרויסגעבראַכטע דינים, הלכות, תקונים, זייערע תלמידים איבערצו־געבן, איז געווען דער וועג פון „פותחים במקרא תחלה", פון סומך זיין אַלעס דורך דעם „מדרש כתובים" מעטאָד אויף די פסוקים פון דער תורה.

פאַרקערט, זיי זאָגן אַלע בפרוש, אַז אויסער דעם, וואָס זיי האָבן זייערע לערן אַלס הוספה צום טעקסט פון דער תורה געגעבן, האָבן זיי זייערע רייד צווישן פאָלק פאַרשפּרייט אויך אין דער פאָרם פון הלכות מופשטות, פון באַזונדערע אַבסטראַקטע הלכות, וואָס זיינען פון קיין טעקסט פון דער תורה ניט באַגלייט געוועזן, וואָס האָבן אויף קיינע פסוקים ניט באַזירט.

זיי האָבן זיך מיט דעם ערשטן מעטאָד באַנוצט נאָר אין דעם טייל פון זייערע לערן, וואָס דער יסוד זייַנער איז אין דער תורה געווען, וואָס איז אין גאָר נאָענטער שייכות מיט דעם טעקסט פון דער תורה געשטאַנען, וועלכער איז געקומען אַלס דערקלערונג צו דעם מיין פון געוויסע מצוות, וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין איר, וואָס אָן דער דאָזיקער דערקלערונג וואָלט מען גאָר אינגאַנצן ניט גע־וואוסט וועגן וואָס עס רעדט זיך דאָרטן; אָדער, וועלכער האָט ענט־האַלטן אין זיך אין אַלגעמיינעם כאַראַקטער די אין דער תורה ניט געשריבענע נאָענטע פאַרצווייגונגען פון די דאָזיקע מצוות, די אין דער תורה ניט געשריבענע אופנים, ווי אַזוי זיי באַדאַרפן דורכ־געפירט ווערן. וואָס אַמבאַלאַנגט אָבער די וויטערדיקע פאַרצווייגונגען זייערע, וואָס אַמבאַלאַנגט אָט יענע פיל פאַרצווייגטע דינים, הלכות, וואָס זיינען מיט זיי פאַרבונדן געוועזן, ניט נאָר די, וואָס זיינען אַרויס־געבראַכט געוואָרן פון זיי דורך לאָגישע אַנאַליזן, דורך דיאַלעקטישער פאַרשונג, נאָר אויך די, וואָס זיינען בקבלת אבות איבערגעגאַנגען, ווי אויך די אַלע תקנות, גזירות, וואָס זיי האָבן מדעתם מחדש געווען אַלס סייג לתורה אָדער משום תקנת הצבור — דערויף האָבן זיי זיך מיט דעם צווייטן מעטאָד באַנוצט.

„און די דאָזיקע סופרים — שרייבט רבי זכריה פראַנקעל — האָבן אויך מחדש געווען גזירות, וואָס זיינען ניט באַהעפט געוואָרן צו־זאַמען מיט דער מצוה. וואָרום זיי זיינען ניט בכלל געוואָרן אין איר און זיי זיינען ניט געקומען מפרש צו זיין די מצוה".

און דאָס זעלבע זאָגט רבי נחמן קראָכמאַל.

און נאָך קלאָרער און אויסדריקלעכער ווערט דאָס אַלעס פון רבי אייזיק הירש ווייס אַרויסגעזאָגט.

אַלעס, וואָס זיי האָבן געלערנט — שרייבט ער וועגן דאָזיקן ענין — איז געווען אַזוי צוזאַמענגעקלעפּט מיט דעם געשריבענעם טעקסט

פון דער תורה, אז דער טעקסט גופא פלעגט שוין די תלמידים אין אַלצדינג דערמאָנען און האָט זיי געהאָלפן געדענקען דעם פירוש מיט די קאָנסעקווענצן און דערגענצונגען, וואָס זיי האָבן ארויסגע־דרונגען אויף דעם, אויפן גרונד פון לאָגישע באַטראַכטונגען און פאַר־גלייכונגען.

מיט די געזעצן און מנהגים אבער, וואָס זיי האָבן געהאט בקבלה פון פריער, בפרט נאָך מיט די תקנות, און די ניי איינגעפירטע באַ־שרענקונגען, איז שוין געווען גאנץ אנדערש: אין דער תורה זיינען אָט די אלע ענינים מיט קיין וואָרט ניט געווען אָנגעמערקט, און דע־ריבער האָבן זיי אזעלכע למודים געמוזט איינפאַסן אין א באזונדער פאָרם, אין געניטע און קורצע זאַצן, וועלכע עס זאָל זיין גרינג צו געדענקען".

און צוליב דעם אלעם ווערט דער קאמף פון הלוי געגן דער באַהויפּטונג פון די פון אים באַקעמפטע געלערטע וועגן דער דרך הלמוד פון די סופרים א נאָך מער אומגערעכטער, א נאָך ווניקער באַגרינדעטער. און נאָך מער, עס ווערט כמעט גאָר אינגאנצן אומ־מעגלעך צו באַגרינדן אים, עס ווערט, כמעט גאָר אינגאנצן אוממעגלעך אירגענד וועלכן זין פאר אים צו געפינען.

ווארום אויף וויפיל עס האנדלט זיך וועגן דעם הויפּט אינהאלט אירן, אז די סופרים האָבן, בשעת זיי האָבן די געזעצן פון דער תורה געלערנט מיט דעם פאָלק, דערקלערט דעם אמתן מיין פון דער אדער יענער אומפאַרשטענדלעכער פאָרמולא פון א געוויסער מצוה אין דער תורה, ווי אויך די אויסטייטשונגען געגעבן דאָרטן, וואו עס איז דערויף א נויטוועגדיקייט פאַראַן, די אויסטייטשונגען וועגן געוויסע מצות, ווי אַזוי זיי דאַרפן דורכגעפירט ווערן, הייסט באַקעמפן א זאַך, וואָס איז מחויב המציאות, הייסט א קאַמף געגן שכל און לאָגיק פירן. אויף וויפיל עס האַנדעלט זיך ווידער וועגן דעם, וואָס ער באַקעמפט דורך איר — דורך דעם קאַמף, וואָס ער פירט געגן איר אָן — די מיינונג, אז די סופרים האָבן ניט פאַרשפּרייט זייערע לערן אין דער פאָרם פון הלכות, הייסט עס ווידער פירן א קאמף געגן א זאַך, וואָס איז משולל המציאות, הייסט עס באַקעמפן אזא באַהויפּטונג, וואָס איז פון קיינעם ניט געמאכט געוואָרן, הייסט באַקעמפן אזוינע געגנער, וואָס זיינען גאָר קיין געגנער ניט.

און ווירקלעך נאָך א גענויערן אַנאַליז איבער דעם קאמף, וואָס ער פירט געגן זיינע געגנער אָן, קען מען קומען צום באשלוס, אז מיט דער זעלבער רעכט, וואָס ער באַקעמפט זיי, וואָלט ער אויך זיך אליין געקענט באַקעמפן. ווארום אז די סופרים האָבן פארשפרייט זייערע לערן אויך אין דער פאָרם פון הלכות — זען מיר דאָך, אז פונקט, ווי ער, באַהויפטן אויך זיי דאָס זעלבע און אז די סופרים האָבן זיך באַשעפטיקט מיט מפרש זיין די פסוקים אויף דעם סמך פון זייער קבלה אין דער צייט, ווען זיי האָבן מרביץ תורה ברבים געווען, זען מיר אויך אים אליין די דאָזיקע באַהויפטונג מאַכן, ווען ער פארגעסט זיך אין דעם ביטערן קאמף, וואָס ער פירט אָן געגן זיינע געגנער פאר דער דאָזיקער באַהויפטונג, אין פעלע, ווען די שקלא וטריא, וואָס ער פירט אָן, פאָדערט פון אים צו טאָן דאָס.

---

אַזוי צו אזוי די וועגן אַלזאָ, דורך וועלכע די סופרים האָבן דאָס וויסן פון די עניני הדת צווישן פאָלק פאַרשפרייט זיינען אויף צווייערליי אויפנים געווען. דער ערשטער וועג איז אין דער פאָרם פון דערקלערונגען און דערגענצונגען געווען צו דעם טעקסט פון דער תורה: ביי יעדער מצוה פון דער תורה האָבן זיי איר ריכטיקן מיין געגעבן, ווי אויך די אלע הגבלות און הגדרות אירע, די אלע אופנים, דורך וועלכע זי דאַרף דורכגעפירט ווערן, די אַלע נאָענטע פאַרצווייגונגען אירע, די נאָענטע פרטים, וואָס קענען פון דעם כלל ארויסגעבראכט ווערן, ווי אויך אייניקע פון די תקנות און גזרות, וואָס זיי האָבן אליין מחדש געווען.*)

און דער צווייטער וועג איז געווען אין דער פאָרם פון קורץ געפאַסטע הלכות. מיט דעם וועג האָבן זיי זיך באַנוצט פאר די פיל פאַרצווייגטע פרטים, וואָס זיינען פון די כללים פון דער תורה ארויסגעבראכט געוואָרן. און פאר דעם גרעסטן טייל פון זייערע אייגענע תקנות און גזרות.

---

*) אין די גאָר ערשטע צייטן פון די סופרים, ווען די קוואַנטיטעט פון די אַלע אין פנים אויסגערעכנטע קאַטעגאָריען איז נאָך זייער א קליינע געווען, דארף מען רעכענען, זיינען אויך די נאָך ווייניקע גזורות און תקנות, וואָס זיי האָבן דאן געהאַט, דעם מדרש כתובים צוגעגעבן געוואָרן.

און דאַן, ווען אין די גאָר ערשטע טעג פון די סופרים, ווען די אַלע אויבן אויסגערעכנטע קאַטעגאָריען איז נאָך גאָר א קליינע געווען, איז נאָר דער ערשטער מעטאָד פראַקטיצירט געוואָרן, האָט דער צווייטער מעטאָד אין פאָדערגרונד אָנגעהויבן ארויסצוטרעטן, וואָס מער די יאָרן זיינען טיפער אין די שפּעטערע צייטן פון דער סופרים עפּאָכע געגאנגען.

ה

# שפורן פון די לערן פון די „סופרים"

די „חסרים" און „מלאים" און „קריין" ו„כתיבין", וואָס מיר געפינען אין דער תורה. — וואָס רבי נחמן קראָכמאַל זאָגט וועגן דעם. — זיי שטאַמען פון די „סופרים" — די כוונות, וואָס זיי האָבן מיט זיי מכוון געווען. — צוגעשריבענער דרש אויף די גליונות פון די איבערגעשריבענע קאָפּיעס פון דער תורה. — די באַהויפּטונגען זיינע אין ליכט פון דעם, וואָס מיר געפינען אין תלמוד און אין די מפרשים זיינע אין צוזאַמענהאַנג מיט זיי.

רבי נחמן קראָכמאַל וויל האָבן, אַז ביים איבערשרייבן די תורה פאַר דעם פאָלק דורך זיי אַליין אָדער דורך אַנדערע, וואָס האָבן די דאָזיקע אַרבעט אונטער דער השגחה פון די סופרים געטאָן, האָבן זיי געזען, אַז פילע פון זייערע פּירושים און הגדרות בנוגע צו געוויסע מצוות זאָלן דורך געוויסע סמנים אויף שריפטלעך אין דער תורה אַליין, אין די געהעריקע פלעצער, פאַראייביקט ווערן.

„די סופרים האָבן זיך געמיט — שרייבט ער אין מורה נבוכי הזמן זייט 169 — לאַנג צייטלעכקייט צוגעבן ביים פאָלק צו די אַלע פּירושים און הגבלות זייערע, דורך דעם, וואָס אויף פאַרשידענע אופנים האָבן זיי זיך מיט פאַרשידענע סמנים באַנוצט, וואָס זאָלן ענטהאַלטן א רמז אויף דעם אַלעם." זיי האָבן געוואָלט, אַז בשעת דאָס פאָלק וועט אַליין איינחזרן דעם טעקסט פון דער תורה, וואָס זיי—די סופרים — האָבן פאַר זיי פאַרגעלעזן, זאָלן זיי האָבן די מעגלעכקייט איינצולערנען אויך די פּירושים און דערקלערונגען, וואָס זיי האָבן צום טעקסט אין געוויסע שטעלן צוגעגעבן, האָבן זיי דעריבער אויסער דעם, וואָס זיי האָבן מיט דעם פאָלק די דאָזיקע פּירושים און דערקלערונגען איינגעלערנט און איינגעחזרט אין דער צייט פון זייערע פאַרלעזונגען, געוואָלט אויך אין דער תורה אַליין זיי א „שם ושארית" געבן.

און ער וויל האָבן אזוי ארום, אז א סך „מלאים"*) און „חסרים"**) און „קריין"***) „וכתיבין****) פון דער תורה שטאַמען פון די סופרים. זיי האָבן מיט דעם אלעם געוויסע כוונות געהאט, צו מרמז זיין דורך די דאָזיקע „מלאים" און „הסרים" אָדער „קריין" ולא „כתובין" אויף די אלע דיוקים און דקדוקים, וואָס זיי האָבן מדייק און מדקדק געווען אין צוזאַמענהאנג מיט דעם אינהאלט, וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין די שטעלן, וואו אַט יענע מלאים" און „חסרים" געפינען זיך. זיי האָבן זיך מיט זיי אלס סמנים פאר געוויסע רמזים באַנוצט.

און אויף צו אילוסטרירן דעם געדאנק זיינעם ברענגט ער פילע ביישפילע, פון וועלכע מיר ברענגען דאָ אייניקע.

ביי די דינים פון יובל געפינט זיך אין דער תורה פאָלגנדער פאַראגראַף בנוגע א הויז, וואָס איינער פארקויפט צום צווייטן אין א „עיר מוקפת חומה" א שטאָט, וואָס האָט א פעסטונג ארום זיך: „ואם לא יגאל עד מלאת לו שנה תמימה וקם הבית אשר בעיר אשר לא חמה לצמיתות לקונה אותו לדורותיו. לא יצא ביובל" — און אויב עס וועט ניט אויסגעלייזט ווערן ביז א יאָר צייט, זאָל בלייבן שטיין דאָס הויז, וואָס אין דער שטאָט, וואָס האָט א פעסטונג, אויף אייביק, ביי דעם, וואָס האָט עס געקויפט, אויף דור דורות, עס זאָל ניט ארויסגיין אין יובל. זאָגט רבי נחמן קראָכמאָל, אז אין דעם טעקסט, וואָס די סופרים האָבן געהאט פאר זיך איז דוקא געשטאנען לו מיט א וא"ו, לויט ווי מיר האָבן עס אין דער איבערזעצונג געגעבן, וואָס דאָס איז אויך ווידער טאַקע די איינציקע ריכטיקע איבערזעצונג, ווארום דאָס וואָרט „לו" אפילו, ווען עס איז געשריבן מיט אן אל"ף, קען דאָ קיין אַנדער באדייטונג ניט האָבן ווי נאָר צו אים, „וואָס פארמאָגט", „וואָס האָט". כדי אבער „צו סומך" זיין דאָס, וואָס זיי האָבן מדייק געווען ביי דעם ענין, אז דער דין פון לא יצא ביובל" ווערט אויך אָנגעווענדט

*) די ווערטער וואָס האָבן אין זיך אלע אותיות, פון וועלכע זיי דארפן זיין צוזאמענגעשטעלט.

**) ווערטער, אין וועלכע עס פעלט א געוויסער אות.

***) די ווערטער, ווי זיי ווערן געלייענט.

****) די ווערטער, ווי זיי ווערן געשריבן. ביי די חז"ל הייסט עס „קרי", „וכתיב" און „קריין" „כתובין" האָט ביי זיי אן אנדער באדייטונג, און דער בעל „אוצר ישראל" האָט פארזען אָט דעם אונטערשייד.

בנוגע צו די הייזער, וואָס געפינען זיך אין א שטאָט, וואָס זי איז אמאָל „מוקפת חומה" געווען, כאָטש זי איז עס שוין איצט ניט, האָבן די סופרים געשריבן דאָס וואָרט „לא" מיט אן אל"ף, פארלאָזנדיק זיך, אַז דער לעזער וועט דורך דעם צו קיין טעות ניט קומען, אז ער וועט פארשטיין, אז מען דארף דאָס וואָרט לייענען מיט א וא"ו. זיי האָבן געוואָלט דערמיט מרמז זיין אויף דעם, וואָס רבי אלעזר ברבי יוסי האָט נאָכדעם אויסגעטייטשט דעם אשר לא חומה — „אף על פי שאין לו עכשיו והיה לו מלפנים" — כאָטש זי האָט ניט יעצט, אָבער זי האָט געהאט פריער.״*)

---

*) און פון דעם, וואָס רש"י שטעלט זיך אָפּ אין „בהר" ביי דער שטעלע, וואו עס ווערט געבראכט פון דער גמרא דער מאמר פון רבי אלעזר בר׳ יוסי: פאר וואָס עס איז ניט דער קרי „לה", וואָרום „עיר" איז דאָך לשון נקבה? איז א סתירה צו דער באהויפטונג אדער צו דער השערה פון קראכמאל פון דער פראגע, וואָס ער פרעגט, און פון דעם ענטפער, וואָס ער גיט אז מען האָט פארבויגען דעם מין, כדי דער קלאנג פון קרי זאָל ענלעך זיין צום „כתיב", איז צו זען, אז זיין מיינונג איז, אז דער „כתיב" דאָ איז ניט אן ענדערונג, נאָר דער אָרי־גינעלער טעקסט און עס איז דאָ אויך אמפלאָץ צו ברענגען די מיינונג פון רבי סעדיה גאון, וואָס ווערט אין אבן עזרא געבראכט, אז די אלע ווערטער פון תנ"ך, וואָס האָבן א „קרי" און א „כתיב" האָבן צוויי באדייטונגען, די באדייטונג פון קרי און אי די באדייטונג פון כתיב. לויט אים נאָך, קומט אויס, אז עס איז ניט פאַראַן דער ענין פון מוקדם ומאוחר ביי די „קרי" „וכתיבין", נאָר זיי זיינען ביידע גלייכצייטיק פון איין האַנט ארויסגעגעבן. דעם כתיב האָט מען אין פנים געשריבן און דעם קרי אויף דעם גליון, האָבנדיק דערביי די כונה, אז דאָס וואָרט זאָל צוויי באדייטונגען האָבן. ער אליין, אגב, מאכט אוועק מיט א טאָן פון באהאלטענעם ברוגז די דאָזיקע מיינונג און זאָגט, אז דער עיקר איז דער קרי.

און פון דעם, וואָס ער—רש"י—שרייבט אין ערכין ל"ב: „לו חומה—לוא כתיב: משמע לא ומשמע לו, כלומר: אין לו עכשיו והיה לו קודם לכן" — איז דאָס אודאי צו זען. וואָרום דאָ רעדט זיך—אגב, ווי דער לעזער קען זען, איז דאָס, וואָס ער—רש"י—זאָגט דאָ, א סתירה צו דעם, וואָס ער זאָגט אין פירוש זיינעם—אין „בהר" אויף תנ"ך. דערביי באדארף איך באַמערקט ווערן, אז די ציטאַטע, וואָס איך האָב געבראכט פריער פון פירוש זיינעם אין „בהר", קומט אין דער פאָרם פון אן הגהה"ה. אפשר איז אָט יענע ציטאַטע א צוגעגעבענע פון איינעם פון זיינע תלמידים — וועגן א קרי און א כתיב, וואָס זיינען אין פנים אליין פון דער תורה, וואָס זיינען ביידע אין דעם וואָרט לוא פון דער תורה געגעבן. וואָרום דאָס דאָזיקע וואָרט ווערט דאָרטן — אין דעם פסוק, וועגן וועלכן עס רעדט זיך — געשריבן: „לוא". און לויט תוספות, וואָס פרעגט אָפּ רש"י, וואָס זאָגט, אז דער

און דאָס אייגענע אויך מיט דעם פסוק „אשר לא כרעים ממעל לרגליו, לנתר בהן על הארץ", אויך דאָ אין דער קרי לו, און פון דעם גאַנצן ענין איז קלאָר, אז עס באַדאַרף דאָ ווירקלעך לו מיט א וא"ו זיין. זאָגט רבי נחמן קראכמאל, אז אין דעם טעקסט פאר די סופרים איז טאַקע געווען לו מיט א וא"ו. די סופרים אָבער האָבן דאָס וואָרט געשריבן מיט אן אל"ף, כדי צו געבן אויך דאָ א שם ישארית אין פסוק צו דעם, וואָס זיי האָבן מדייק געווען ביי דעם ענין, אז דאָס, וואָס די תורה האָט מתיר געווען צו עסן אָט יענע פיר פיסיקע מינים פון שרץ העוף, וואָס אויסער זייערע פיר האָבן זיי ביים האַלדז נאָך צוויי פיסלאַך צו שפּרינגען מיט זיי איבער דער ערד" באַציט זיך אויך

---

דרש פון רבי אלעזר ברבי יוסי ווערט אָפּגעלערנט פון דעם, וואָס דער „לא" אין „אשר לו חומה" ווערט געשריבן „לוא", און ער—תוספות—ווייזט אָן, אז די דרשה ווערט אָפּגעלערנט פון דעם, וואָס דער לוא קומט אין צוויי באזונדערע וועגן, אין א באזונדער קרי און אין א באזונדער כתיב, ווי מיר געפינען אין די „חומשין מדוייקות", איז א „תניא דמסייעא" צו קראכמאל. דאָרט—אין תוספות ווערט געשריבן: „בחומשין מדוייקות" כתיב לו בוא"ו ולא קרי באלף". דערביי באדארף אָנגעוויזן ווערן, אז אין „שיטה מקובצת" ווערט דער דאָזיקער „תוספות" קאָרע־גירט: „כתיב לא באל"ף וקרי בוא"ו. און זע דעם מנחת שי אין „בהר".

און אין דער גמרא איבעראל וואו זי ברענגט דעם פסוק „אשר לו חומה" ווערט געשריבן דער לו „לוא". דער אשר „לא יעדה" ווידער נאָר מיט אן אל"ף. און עס זעט אויך ניט אויס פון דער גמרא, אז עס איז דאָ דער ענין פון קרי וכתיב פאראן. עס זעט אויס, אז דער דרש ווערט פון דעם כתיב אליין ארויסגעטייטשט. רש"י זאָגט אויך ניט דאָ, אז דער אונטערשייד צווישן קרי און כתיב דאָ ברענגט דעם דרש ארויס. דער דרש דאָ ווערט דאָ אויך ניט אויף דעם נאָמען פון רבי אלעזר ברב' יוסי אָנגעגעבן. ער געפינט זיך אבער אויך אין דער מכילתא. און דעם פסוק „אשר לו כרעים" שרייבן זיי אין דער גמרא: „לא", און אויף דעם „אין לו כרעים" איז אויך דאָ דער דרש פון רבי אלעזר ברבי יוסי. און רש"י באַמערקט—דאָס, וואָס ער טוט ניט אין דעם פירוש זיינעם אויפן פסוק אין חומש דא—חולין ס"ה—אז דער דרש ווערט ארויסגעלערנט פון דעם אונטערשייד אין קרי און אין כתיב. און אין דער מסורה ווערט דער לא פון די אלע דריי פסוקים אָנגעגעבן אלס אַ וואָרט, וואָס קומט אי אין א כתיב און אי אין א קרי. און דאָס זעלבע ווערט אויך געטאָן אין מסכת „סופרים".

און אין א פּאָר הינזיכטן איז —אין צוזאַמענהאנג מיט דעם ענין, וועגן וועלכן מיר רעדן דאָ—זייער אינטערעסאנט דער „תוספות"—דבור המתחיל: „אף על פי שאין לו עכשין" — דארטן. און זע דעם מהר"ם שיף אויף דעם דאָזיקן „תוספות".

אויף די ברואים פון זיי, וואָס זיי האָבן נאָך ניט די דאָזיקע צוויי פיסלאַך, אויב זיי וועלן נאָר מיט דער צייט ביי זיי אָנוואַקסן.

און אָט אַזוי האָבן זיי אויך געשריבן דעם לו פון דעם פסוק אם רעה בעיני אדוניה, אשר לא יעדה והפדה" מיט אן אל"ף, כדי צו סומך זיין די מצות פון יעוד האמה העבריה דורך דעם בעל הבית אירן אדער דעם זון זיינעם. ווארום דער אשר לא יעדה ווערט פאַר־טייטשט דאָ, „וואָס ער האָט זי ניט מיעד געווען", וואָס דערפון איז געדרונגען, אז דארפן, דאַרף ער זי יאָ מיעד זיין.

און אויסער די דאָזיקע ביישפילן אויף די „קריין ובתיבין" סמנים, מיט וועלכע די סופרים האָבן זיך באנוצט מלביש צו זיין אין זיי געוויסע רמזים, ברענגט ער אויך ביישפילן פון די „מלאים והסרים" סימנים, מיט וועלכע די סופרים האָבן זיך פאר דעם דאָזיקן צוועק באנוצט. דאָס וואָרט נערה, למשל, ווערט איבעראל אין דער תורה געשריבן אָן א ה"א צום סוף, וואָס מאכט פון וואָרט נער א שם נקיבה. איינמאָל אָבער געפינען מיר דאָס וואָרט יא מיט אן ה"א צום סוף, וויל האָבן רבי נחמן קראכמאל, אז דאָס האָבן די סופרים דאָס מאָל דאָס וואָרט נערה אזוי געשריבן מיט א כיון צו מרמז זיין אויף דעם, וואָס זיי האָבן מרייק געווען ביי דעם ענין, אז עס רעדט זיך דאָ ניט וועגן א געוויסע קאַטעגאָריע מיידלאך, נאָר וועגן אלע מיידלאך, ווער זיי זאָלן ניט זיין, דער יסוד פון רמז איז אין דעם, וואָס אין פילע פעלע וויזט דער ה"א, וואָס קומט צום סוף פון די שמות אויף דעם שם המין, חטים־וויץ; חיטה דער מין ווייץ. דורך דעם, אלזא, וואָס זיי האָבן געשריבן נערה מיט א ה"א צום סוף האָבן זיי מרמז געווען, אז דאָ רעדט זיך וועגן דעם מין מיידל, וועגן יעדער איינער וואָס ווערט מיט דעם נאָמען מיידל באצייכנט.

און אזוי דערקלערט ער אויך, פארוואָס מיר געפינען אין דער תורה דאָס וואָרט „מושבותיכם" אייערע וואוינונגען אמאָל מלא און אמאָל חסר, אמאָל מיט א וא"ו נאָך דעם מ"ם און אמאָל אָן א וא"ו נאָך דעם מ"ם. דאָס זאָגט ער, שטאמט פון די סופרים. זיי האָבן עס אין געוויסע פלעצער געשריבן דאָס וואָרט „מושבותיכם" מלא און אין געוויסע פלעצער חסר, כדי צו מרמז זיין דורך דעם אויף געוויסע ענינים, וואָס זיי האָבן אונדז געוואָלט איבערגעבן בנוגע די מצוות, וועגן וועלכע עס ווערט גערעדט אין יענע שטעלן, וואו דאָס דאָזיקע

וואָרט „מושבותיכם״ געפינט זיך. איבעראל, וואו זיי האָבן געשריבן דאָס וואָרט מושבותיכם חסר — אָן א וא״ו נאָך דעם מ״ם — האָבן זיי דאָס געטאָן אלס סימן צו מרמז זיין דורך אים, אז די מצוות, וועגן וועלכע עס רעדט זיך דאָרטן, זיינען נוהג אויך אין די ישובים, וואָס זיינען פגום,*) וואָס זיינען חסר, וועלכע עס פעלט אייניקע פון די קניני האומה, דאָס הייסט — אין ארץ ישראל אויך שלא בפני הבית, און אויך אין גלות. און איבעראל, וואו זיי האָבן געשריבן מושבותיכם מלא — מיט א וא״ו נאָך דעם מ״ם — האָבן זיי עס געטאָן, כדי צו מרמז זיין, אז די מצוות, וועגן וועלכע עס רעדט זיך דאָרטן, האָבן אן אנגאנג נאָר אין די ישובים, וואָס זיינען ניט פגום, ניט חסר, וואָס פארמאָגן די אלע קניני האומה: נאָר בפני הבית און נאָר אין ארץ ישראל.**)

און אזוי האָבן זיי געשריבן אויך דעם כפות תמרים א חסר — אָן א וא״ו אין דעם וואָרט כפות — כדי צו מרמז זיין דערויף, וואָס זיי האָבן געוואָלט איבערגעבן, אז „די מצוה פון לולב איז בלולב אחד.״

און אָט אזוי האָבן זיי אויך געשריבן דאָס וואָרט „אותם״ פון פסוק אשר „תקראו אותם במועדס״ אָן א וואַ״ו, כדי עס זאָל ענטהאַלטן דעם רמז, דורך דעם וואָס עס וועט זיך קענען לייענען „אתם״ — איר — אז קידוש החודש, ווי אויך דאָס באַשטימען פון די יום טובים איז תלוי בבית דין. אז דער בית דין דאַרף זאָגן „מקודש״, און דאָס גאנצע פאָלק דאַרף ענטפערן: „מקודש, מקודש.

און רבי נחמן קראכמאל וויל האָבן, אז אויסער די דאָזיקע רמזים אויף די לערן זייערע, וועלכע די סופרים האָבן דורך די אויבנדער־מאָנטע סמנים אין דער תורה איבערגעגעבן, האָבן זיי אייניקע פון זייערע פירושים און הגבלות בנוגע צו געוויסע מצוות אויך אויף א מער קאָנקרעטן שריפטלעכן אופן צוזאמען מיט דעם טעקסט פון דער תורה פאראייניקט.

---

*) ניט איבעראל קען מען אויבנאויף די אלע מלאים און חסרים פון וואָרט מושבותיכם אין דער תורה לויט דער דאָזיקער שיטה דערקלערן. רבי נחמן קראָכמאָל שטעלט זיך אָבער אָפּ אויף די אלע יוצאים מן הכלל און זוכט די סתירות וואָס זיינען אין זיי צו זיין שיטה פאַראַן, צו פארענטפערן.

**) רבי נחמן קראכמאל אליין דערקלערט אויך אויף אַנאַנדער אופן דעם יסוד הרמז דאָ: אָן דעם וא״ו זעט אויס דאָס וואָרט ווי די אותיות משבת אין וואָרט פון פסוק שחקו על משכתיה און עס קריגט אויך די באדייטונג פון לעצטן וואָרט.

„און ווען איך וואָלט קיין מורא ניט געהאַט — שרייבט ער אין זייט 174 פון זיין „מודה נבוכי הזמן" — וואָלט איך געדענקט, אז עס איז רעכט אָנצונעמען, אז די סופרים האָבן אויך פארצייכנט אויף די גליונות פון די חומשים, וואָס זיי האָבן געשריבן פאר דעם פאָלק איי־ניקע פארצייכנונגען פון א טייל פון זייערע פירושים און זייערע הגבלות אין די ענינים פון יעדער מצוה. למשל אין דער פרשה פון עריות האָבן זיי פארצייכנט די „שניות", וואָס זיינען מדברי סופרים, נאָר פון די גזירות סייג זייערע. זיי האָבן געמאכט א סייג לתורה.*)

און ער ווייזט אָן, אז אויך אין די שפעטערדיקע דורות געפינען מיר נאָך א ביישפיל פון דעם, פון שרייבן ארום דעם טעקסט אויף די גליונות פון חומש געוויסע פארצייכנונגען, וואָס באַציִען זיך אויף דעם טעקסט. ער גלויבט, אז דאָס, וואָס מיר געפינען אין ירושלמי: „בתורתו של רבי מאיר מצאו כתוב. „כתנות עור" — כתנות אור; טוב מאד, טוב מות; משא דומה — משא רומי" — מיינט עס, אז רבי מאיר האָט די אגדה באמערקונגען אויפגעשריבן אויף די גליונות פון זיין חומש. ווארום עס איז דאָך אוממעגלעך צו דערלאָזן, אז רבי מאיר האָט משנה געווען אדער מוסיף געווען אין טעקסט פון דער תורה. און דערמיט דערקלערט זיך — ברענגט ער אין נאָמען פון א חכם — וואָס רבי ישמעאל האָט אים מעורר געווען, ער זאָל פאָרזיכטיק זיין אין זיין מלאכה, מלאכת סופר", ער האָט אים מעורר געווען, ער זאָל זיך אָפּגעוואוינען פון זיין הרגל זיינע פארצייכונגען אויף דעם גליון צו מאַכן, כדי ער אליין, וואָס איז א סופר געווען, אָדער די, וואָס וועלן נאָך אים קומען, זאָלן זיך ניט טועה זיין און ניט אריינבעמען די פארצייכנונגען אין פנים אריין.

---

*) ביי רבי נחמן קראכמאל זיינען די דאָזיקע צוויי ווערטער אין קורסיוו צו מרמז זיין אויף דער פארוואנדשאפט וואָס ער וויל געפינען צווישן זיין באהויפ־טונג און דעם אינהאלט פון דעם מאמר חז"ל „עשו סייג לתורה".

ו

# קדמות המסורה

די טעטיקייט פון די סופרים, זיי זאָלן אונדז די הייליקע ספרים אונדזערע אין א פעסטגעשטעלטער, ענדגילטיקער רעדאקציע געבן — דער ספור המעשה אין מסכת סופרים" וועגן די דריי ספר תורות, וואָס האָבן זיך אין דער עזרה געפונען מיט פארשיידענע נוסחאות אין איניקע ערטער. — די איבער־געשריבענע קאָפּיעס פון תנ"ך, וואָס האָבן מיט פארשיידענע נוסחאות אין מאַנכע ערטער אויך אין שפּעטערע צייטן צירקולירט. — די אלטע מסורה, וואָס מיר געפינען אין תלמוד וועגן דער טעטיקייט פון די סופרים אלס איבער־שרייבער פון דער תורה — און איר היסטאָרישע באדייטונג. — די מיט אונדזער טעקסט ניט שטימענדיקע ציטאַטן, וואָס ווערן אמאָל פון תנ"ך גע־בראכט — אין תלמוד און אין זוהר און ביי מאנכע פון די גדולי המפרשים.

און איינע פון די גאָר וויכטיקסטע מיסיאָנען, וואָס די סופרים האָבן געהאט אויף זיך איז געווען דאָס, זיי זאָלן די הייליקע ספרים אונדזערע, און, הויפּטזעכלעך, די ספרים פון דער תורה, אין א פעסט־געשטעלטן נוסח, אין אן ענדגילטיקער רעדאקציע געבן.

נאַטירלעך, איז מען אין אלע צייטן, אויך ביז דער עפּאָכע פון די סופרים, גוואלדיק פּאַרזיכטיק געווען ביים איבערשרייבן די תורה אין מערערע עקזאמפּליארן. עס איז גאָר קיין צווייפל ניט, אז איבער־געשריבענע עקזעמפּליארן פון ספרי חול, ווען די ארבעט וואָלט אפילו געטאָן געוואָרן פון די זעלבע פּערזאָנען, וואָס האָבן די תורה איבער־געשריבן, וואָלטן אָן אן ערך פיל מער גרייזן, אומקלאָרקייטן און אומ־פּינקטלעכקייטן אַנטהאַלטן, ווי עס האָבן ענטהאלטן מאַנכע פון זיי איבערגעשריבענע קאָפּיעס פון דער תורה. דאָס באוואוסטזיין זייערס וועגן דער גוואלדיקער גרויסער וויכטיקייט פון דער „עבודת הקודש", מיט וועלכער זיי האָבן זיך באַשעפטיקט; די גוואלדיק גרויסע פאר־אַנטוואָרטלעכקייט, וואָס זיי האָבן אויף זיך דאַן געפילט, האָט זיי שטענדיק וואכזאם געהאלטן, זיי זאָלן זיך די גרעסטע מי און די גרעסטע אָנשטרענגונג געבן, אז זייער ארבעט זאָל אן עבודה שלימה ותמה זיין, אז זיי זאָלן ניט קיין „מועלים בכתיבה" זיין.

די גרויסע קדושה פון דער תורה, דער געטלעכער אויטאָריטעט אירער ביים אידישן פאָלק, האָבן געהאַלטן די, וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט איבערשרייבן קאָפּיעס פון איר, אין שטענדיקן ציטערן, אין שטענדיקן באַומרואיקט זיין, זיי זאָלן ביים איבער־שרייבן אין קיין טעות ניט נכשל ווערן, זיי זאָלן קיין פעלערן ניט מאכן.

ווי אמת דאָס אלעס זאָל אָבער ניט זיין ,איז מן הנמנע צו דער־לאָזן, אז שוין אין יענע גאָר אלטע צייטן האָבן די אלע איבערגעשרי־בענע קאָפּיעס פון דער תורה איינע אין איינע געשטימט, אז עס זיינען ניט געווען אייניקע — זאָל זיין אין דער גאָר קלענסטער צאָל — צווישן זיי, אין וועלכע עס זיינען געווען אָפּווייכונגען*) — זאָל זיין אין דער גאָר קלענסטער צאָל — פון די איבעריקע קאָפּיעס. מיר זען דאָך, אז אפילו אין א גאָר שפּעטערער צייט, מיט פילע יאָרן שפּע־טער נאָך דער עפּאָכע פון די סופרים, וואָס דאמאָלסט האָט מען דאָך אודאי די גרעסטע מי זיך געגעבן אן איינהייטלעכן געשריבענעם טעקסט אין די הייליקע שריפטן איינצוהיטן, האָט אזוינס פּאַסירט. אין מסכתא סופרים פּרק ו׳ ווערט אונדז פאָלגענדער ספּור המעשה דער־ציילט: „אין דער עזרה האָבן זיך געפונען צוויי ספר תורות — פון די דריי, וואָס האָבן זיך דאָרטן שטענדיק געפונען — מיט פאַרשי־דענע נוסחאות אין אייניקע ערטער. האָבן די געלערטע פון יענער צייט ניט געוואוסט צו ענטשיידן, אין וועלכער ספר תורה איז דער ריכטיקער נוסח, און אין וועלכער איז דער פאַרגרייזטער. און דער ספּור המעשה דערציילט אונדז ווייטער, אז ניט אויף דעם סמך פון וועלכער עס איז קבלה האָבן זיי דאָס שווערע פּראָבלעם געלייזט, נאָר לויט א רוב דיעות צווישן די ספרים: אין יעדן איינצעלנעם פאַל האָבן זיי אָנגענומען פאר ריכטיק יענעם נוסח, פאר וועלכן עס זיינען געווען צוויי ספרים קעגן איינעם.

און נאָך מער. מיר זען, אז אפילו אין נאָך מערערע שפּעטערע צייטן האָבן איבערגעשריבענע קאָפּיעס פון תנ״ך מיט פאַרשידענע נוסחאות צירקולירט. אין תלמוד ווערן אמאָל ציטירט פּסוקים פון

*) דער פּסוק אין ירמיהו אכן לשקר עשה עט; שקר — סופרים — ענטהאלט, מעגלעך, א באַקלאָגן זיך אויף דעם, וואָס אייניקע איבערשרייבער פון דער תורה זיינען ניט גענוג פּאַרזיכטיק געווען אין זייער ארבעט.

תנ״ך אין א גאנץ אנדערן נוסח, ווי מיר געפינען זיי אין אונדזערע ספרים, לויט דעם נוסח, וואָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן פון די שפעטערדיקע בעלי המסורה. די חכמי התלמוד האָבן אין פילע ערטער געהאט פאר זיך אן אנדער נוסח. און אָפטמאָל איז דער גאַנצער דרש זייערער געבויט נאָר אויף דעם דאָזיקן פאַרשיידנאַרטיקן נוסח וואָס שטימט ניט מיט אונדזער מסורה. עס איז אויך באַוואוסט, אז צווישן די ספרים, וואָס האָבן זיך געפונען אין בבל, און די ספרים, וואָס האָבן זיך געפונען אין ארץ ישראל, זיינען פילע אונטערשידן אין טעקסט געוועזן, איידער די ענדגילטיקע מסורה איז אָנגענומען געוואָרן.

און אפילו נאָכדעם, וואָס די ענדגילטיקע מסורה איז שוין אָנגענומען געוואָרן זעען מיר, ווי די אָדער יענע גדולים ציטירן אמאָל א פסוק ניט אין דעם פעסטגעשטעלטן נוסח פון די בעלי המסורה, אין וועלכן מיר געפינען אים אין אונדזערע ספרים. מיר געפינען עס ביי רש״י. און אויך אין „זוהר״ ציטירן זיי אמאָל א פסוק נאָר אין אן אַנדער נוסח, ווי ער געפינט זיך אין אונדזערע ספרים.*)

עס קען דעריבער גאָר קיין צווייפל ניט זיין, אז די איבערגעשריבענע קאָפּיעס, וואָס די סופרים האָבן געהאט פאר זיך האָבן נאָך אין א פיל גרעסערער מאָס פון אומאיינהייטלעכקייט אין טעקסט געליטן, אז עס האָבן זיך מיט דער צייט אויך איינ׳קע אומקלאָרקייטן אין געוויסע שטעלן פון די איבערגעשריבענע קאָפּיעס פון דער תורה געמוזט אריינגאנוועגען; אז אין געוויסע שטעלן האָט זיך אין טעקסט אויך א געוויסע פאַרפלאָנטערטקייט געמוזט אריינגאנוועגען; אז אין מאַנכע ערטער האָט אויך געקענט א געוויסע פערזאָן אָדער א געוויס וואָרט אָדער אן אות — וואָס זיין געפינען זיך אָדער ניט געפינען זיך אין וואָרט קען ענדערען די באדייטונג פון וואָרט — ארויספאַלן אָדער צוגעשטעלט ווערן.

*) און דאָסזעלבע געפינען מיר אויך ביים רמב״ם און ביי נאָך אנדערע אידישע גדולים, און בנוגע מאַנכע פון אזוינע אָפווייכונגען, קען מען אויך אָננעמען, אז זייער אורזאַכע איז געווען ניט אן אַנדער—פון אונדזערן—טעקסט, וואָס פון אים זאָלן זיי האָבן געווען ציטירט ווערן, נאָר דאָס, וואָס די ציטאַטן זיינען על פי זכרון געשריבן געוואָרן.

און עס איז דעריבער גאַנץ ריכטיק דאָס, וואָס די חכמי התלמוד האָבן אונדז מרמז געווען וועגן דער טעטיקייט פון די סופרים, אַז זיי האָבן זיך באַשעפטיקט מיט פעסטשטעלן אַן איינהייטלעכן טעקסט אין די הייליקע שריפטן, צו באַזייטיקן פון זיי די אַלע גרייזן, וואָס האָבן זיך אין זיי אַריינגעגאַנוועט, מיט איינשטעלן אַ ריכטיקן טעקסט דאָרטן וואו ער איז אַ פאַרפּלאָנטערטער אָדער אַ חסר געווען.

און ווען די חכמי התלמוד זאָגן אונדז, אַז די סופרים האָבן זיך באַשעפטיקט מיט איינשטעלן דעם ריכטיקן טעקסט פון דער תורה, רעדן זיי וועגן דעם אַלעם ניט בדרך כלל, נאָר זיי ווייזן אָן אויף די אַלע פאַרשידענע פאַרצווייגונגען פון זייער טעטיקייט אויף דעם געביט, ווי אויך אויף דעם געביט פון נאָך אַן אַנדערער רעדאַקציאָנעלער טעטיקייט, וואָס איז שוין פון אַן אַנדער כאַראַקטער געווען. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם ענין רעדן די חכמי התלמוד וועגן „תקוני סופרים", „מקרא סופרים", „עטור סופרים", „קריין ולא כתיבין" און „כתיבין ולא קריין".

און וואָס אַמבאַלאַנגט דעם מקרא סופרים און עטור סופרים איז ניט אינגאַנצן קלאָר, וואָס זיי מיינען דערמיט. און רבי אייזיק הירש ווייס איז זיך זייער שטאַרק מפלפל וועגן דעם. דער פּלפּול זיינער אָבער איז טאַקע ניט מער, ווי נאָר אַ פּלפּול. מיר שיינט, אַז מיט מקרא סופרים מיינען זיי די אויסבעסערונג פון טעקסט, דורך וועלכע זיי האָבן אים לעזבאַר געמאַכט. דער איינגעשטעלטער נוסח, אין וועלכן די סופרים האָבן אונדז געהייסן לייענען די תורה. און מיט עטור סופרים מיינען זיי דאָס אייגענע, וואָס זיי באַצייכענען אין אַנדערע ערטער מיט די ווערטער תקוני סופרים,*) די תקונים, וואָס זיי האָבן געמאַכט אין דער תורה אויף צו באַצירן אַ געוויסע שטעלע דאָרטן; אויף אַ מער קאָרעקטן, פּאַסיקן אופן זי צוגעבן.

לויט מיין מיינונג האָבן מיר אין יענעם מאמר פון תלמוד, אַז מקרא סופרים, עטור סופרים, כתיבין ולא קריין און קריין ולא כתיבין זיינען הלכה למשה מסיני אַן אַלטע מסורה, אין וועלכער עס רעדט

---

*) די גמרא אליין — אין נדרים ל"ז — טייטשט ניט אזוי. מען קען אָבער אָננעמען, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַן אַלטער מסורה, די אמתע כוונה פון וועלכער איז אין די שפּעטערדיקע צייטן שוין ניט אינגאַנצן קלאָר געווען.

זיך וועגן די אלע פארשידענע צווייגן פון דער רעדאקציאָנעלער טע־טיקייט אין באצוג צו דער תורה — פון די סופרים. דעם קריין ולא כתיבין און כתיבין ולא קריין טייטשט אויס די גמרא, אז עס גייט אויף די ווערטער, וואָס ווערן געלייענט, כאָטש אין טעקסט זיינען אזוינע ווערטער ניטאָ, און דאָס אייגענע פארקערט. מעגלעך אבער, אז פריער האָט מען געוואוסט, אז קריין ולא כתיבין און כתיבין ולא קריין האָבן אויך דעם קרי וכתיב געמיינט. און אפשר איז דער קרי וכתיב נכלל אין „מקרא סופרים".*)

---

*) אין די הערות, וואָס וועלן קומען צום סוף פון ווערק וועל איך זיך אָפּשטעלן לענגער נאָך אויף אייניקע פרטים אין צוזאַמענהאנג מיט דעם דאָזיקן ענין.

ז

# תקוני סופרים

**די י״ח תקוני סופרים. — דעם אבן עזראס מיינונג וועגן דעם דאָזיקן ענין. — דער „הדר ביה מההוא״ זיינער אין ספר „הצחות״. — וואָס אייזיק הירש וויס זאָגט אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם ענין פון „תקוני סופרים״. — די ערשטע אורשפּרינגלעכע באַדייטונג פון וואָרט „ברך״.**

אין „מדרש תנחומא״ און אין „מכילתא״ און אויך אין „מדרש רבה״ ווערן אויסגערעכנט ארום זעכצן שטעלן אין תנ״ך, וואו דער טעקסט געפינט זיך ניט אין דער פאָרם, אין וועלכער ער וואָלט זיך באַדאַרפט געפינען, לויט דעם געדאנק פון ענין, וועגן וועלכן עס ווערט אין זיי גערעדט; און די דאָזיקע שטעלן ווערן אין די דאָזיקע מדרשים באצייכנט אלס אזעלכע, וואָס ענטהאלטן „תקוני סופרים״*) אין זיך.

און אמת ניט די אלע שטעלן, וואָס ווערן אין די מדרשים אויס־גערעכנט, צווינגען אונדז צו דענקען, אז דער טעקסט זייערער וואָלט באַדאַרפט זיך לייענען אַנדערש, ווי מיר האָבן אים פאַר זיך. אין פילע פון די אויסגערעכנטע שטעלן לאָזט זיך דער טעקסט גאנץ גוט אײנטייטשן אין דער גירסא, אין וועלכן מיר האָבן אים פאר זיך, און עס איז כלל ניט נויטיק צו דענקען, אז ער וואָלט באדארפט אַנדערש זיין. בנוגע צו זיי איז דער אבן עזרא ווירקלעך גערעכט, אַז „בפירושים הישרים אין צורך לתקון סופרים״, אַז ווען מען נעמט זיך די מי לויט דעם ריכטיקן פשט איינטייטשן די דאָזיקע פסוקים, דארף מען ניט אַנווענדן דעם ענין פון תקוני סופרים בנוגע צו זיי. בנוגע אבער צו אנדערע איז ער געוויס אומגערעכט.*) אין פילע פון

---

*) זיי זיינען באקאנט אונטער דעם נאָמען „י״ח תקוני סופרים״.

*) און פון דעם ספר „הצחות״ זיינעם — שרייבט קראכמאל — איז צו זען, אז אויך ער אליין האָט זיך שפּעטער פון זיין פריערדיקער מיינונג אָפּגעזאָגט.

די אויסגערעכנטע שטעלן איז קלאָר, אז מיר האָבן דאָ מיט דעם ענין פון „תקוני סופרים" צו טאָן, אז דער טעקסט, וואָס געפינט זיך פאר אונדז, וואָלט זיך באדארפט אנדערש לייענען, נאָר מפני כבודו של הקדוש ברוך הוא און אמאָל אויך, מפני כבודו של ישראל און כבודם של בריות איז ער געגעבן געוואָרן ניט ווי ער וואָלט באדארפט געגעבן ווערן, נאָר געענדערט, אין דער פאָרם, ווי מיר האָבן אים פאַר זיך. צו די דאָזיקע שטעלן באַלאַנגט דער פסוק אין בראשית י"ח, כ"ב „ואברהם עודנו עומד לפני ה'." עס קען אויסזען לויט דעם גאַנצן ענין נאָך, אַז עס וואָלט באַדאַרפט שטיין „וה' עודנו עומד לפני אברהם". וואָרום דער אינהאַלט פון דעם וואָס ווערט דערציילט דאָרטן איז, אז אברהם איז געגאנגען באגלייטן די דריי מלאכים און גאָט איז געבליבן וואַרטן אויף אים. די מיינונג פון מדרש, אז צוליב דעם כבוד פון גאָט שטייט דאָ אנשטאט „וה' עודנו עומד לפני אברהם" — „ואברהם עודנו עומד לפני ה'." זעט דעריבער אויס צו זיין אַ גאַנץ ריכטיקע.*)

דאָס זעלבע איז אויך מיט דעם פסוק י"ג פון שמואל א' ג', וועל־כער לייענט זיך ווי פאָלגט: „והגדתי לו, כי שופט אני את ביתו עד עולם בעון אשר ידע כי מקללים להם בניו ולא כהה בהם". אנשטאָט להם וואָלט דאָ באדארפט שטיין לי אדער אלהים. וואָרום אויך דאָ באַציען זיך די ווערטער אויף גאָט. גאָט זאָגט צו שמואלן, אז ער וועט אויף שטענדיק פאַראורטיילן דאָס הויזגעזינד פון עלי הכהן צוליב דער זינד, וואָס ער איז באגאנגען, דערמיט, וואָס ער האָט געוואוסט, אז זיי גרינגשעצן אים — גאָט — זיינע קינדער און ער האָט זיי ניט געוואָרנט. מפני כבודו של הקדוש ברוך הוא, אבער שטייט אנשטאָט לי — להם. און צו דער קאַטעגאָריע באלאנגט אויך דער פסוק אין יחזקאל ח': „והנם שולחים את הזמורה אל אפם" — און זיי שטרעקן אויס די צווייג צו זייער נאָז. נאָר מפני כבודו של הקדוש ברוך הוא שטייט דאָ „אפם" אנשטאָט דעם, וואָס עס וואָלט באדאַרפט שטיין „אפי". און אויך דער פסוק אין במדבר י"א „ואם

*) און דער רמב"ן דערמאָנט גאָר ניט, אז די חז"ל זעען דאָ א תיקון סופרים. ער טייטשט אים איין אויף אן אופן, אז ער זאָל אזוי אויך זיין אין אָרדנונג. און דער אבן עזרא זאָגט דא בפירוש, אז דער תיקון סופרים איז איבעריק.

ככה אתה עושה לי הרגני נא הרוג, אם מצאתי חן בעיניך ואל אראה ברעתי" באלאנגט צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע. עס וואָלט דאָ באַדאַרפט זיין „ברעתם". משה האָט געזאָגט צו גאָט: „און אויב דו וועסט אזוי טאָן צו מיר — הרגע מיך בעסער, אויב איך האָב געפונען חן אין דיינע אויגן און לאָמיר ניט זען זייער שלעכטס. מפּני כבודו של ישראל, אָבער שטייט דאָ „ברעתי". און ווי די דאָ געבראַכטע, זיינען צווישן די אין מדרש אויסגערעכנטע שטעלן נאָר א פּאָר אזעלכע פאראן וואָס מיר קענען אדער מוזן זיי מיט דעם ענין פון תקון סופרים דערקלערן.

און אויב ניט די אלע שטעלן, וואָס ווערן אויסגערעכנט אין די מדרשים זיינען אזוינע, וואָס קענען אונדז צווינגען צו זען אין זיי דעם ענין פון „תקוני סופרים", זיינען דערפאַר דאָ אין תנ"ך פילע אנדערע שטעלן וואָס עס איז אין זיי דער ענין פון תקוני סופרים פאראן, כאָטש זיי ווערן אין די מדרשים ניט אויסגערעכנט. „מיר געפינען — שרייבט ווייס — אייניקע ערטער אין תנ"ך, אין וועלכע עס רעדט זיך באַשטימט וועגן לעסטערן גאָט. אנשטאָט אבער דעם וואָרט „קלל" — שעלטן — ווערט דאָרטן גאָר אין א פאַרקערטן זין באנוצט דאָס וואָרט „ברך", וואָס באַדייט אייגנטלעך גאָר בענטשן. למשל: ברך נבות אלהים ומלך אין מלכים א' כ"א; ברך אלהים ומת", אין איוב ב'.

איך מוז אבער דאָ באַמערקן, אז אין זעלבן קאַפּיטל אין איוב, וואו עס געפינט זיך דער „ברך אלהים ומת", געפינען זיך פריער מיט עטלעכע פּסוקים די ווערטער „אם לא על פניך יברכך". אויך דאָ אלזא שטייט יברכך אין דעם זין פון שעלטן, כאָטש דאָ איז דער מאָטיוו פון „כבודו של הקדוש ברוך הוא" ניטאָ. מען קען אָבער אפשר דאָ אָנגעבן דעם מאָטיוו פון כבודם של בריות, פון באנוצן זיך מיט לשון נקיה ויפה, ווען מען רעדט צו א צווייטן אין געזיכט אריין. מער וואַרשיינלעך איז אָבער צו זאָגן, אז דער פּעל „ברך" האָט פון לכתחלה אן אין די אלטע צייטן צוויי קעגנגעזעצטע באַדייטונגען געהאט: בענטשן און שעלטן. זיי זיינען פאַראייניקט געווען אין דער ערשטער אורשפּרינגלעכער באַדייטונג פון וואָרט ברך: קניען. דער פּרימיטיווער מענטש האָט אלע זיינע געפילן און עמאָציאָנען אין קאָנקרעטע טאָטן אויסגעדריקט. ווען ער האָט געפילט ווי צו בענטשן

איינעם, האָט ער זיין רעספּעקט צו יענעם אויסגעדריקט דורך דעם, וואָס ער האָט געקניט פאַר אים. און אויך, ווען ער האָט באַדאַרפט אויסדריקן זיין געפיל פון האַס און פאַראַכטונג צו איינעם, איז אים אויסגעקומען צו קניען דאַן, שטיינער אויפצוקלייבן, ער זאָל זיי דעם שונא זיינעם נאָכוואַרפן. און עס זיינען אין דער העברעאישער שפּראַך, ווי אויך אין אנדערע שפּראַכן, נאָך פילע אנדערע ווערטער פאַראַן, וואָס האָבן צוויי קעגנגעזעצטע באַדייטונגען.*)

סיי ווי אָבער דאַרף אויך דאָס באמערקט ווערן, אז אין די אלע שטעלן פון תנ"ך, וואו עס קומט דער פּעל ברך אין זין פון שעלטן, קומט ער אין בנין פּעל, דאַן, ווען אין זין פון בענשן קומט ער אין בנין קל. עס הייסט דעריבער, אז אין די אלע פאַרשידענע פּעלע קומען אויך גאַנץ באַזונדערע ווערטער. אין די צוויי באַזונדערע פאָרמען זיינע ווערען פון דעם זעלבן פּעל צוויי גאַנץ באַזונדערע ווערטער, פּונקט ווי עס קומט דאָס זעלבע פאַר מיט פילע אנדערע העברעאישע ווערטער.

---

*) און אין אן אנדער אָרט — אין מיין העברעאישער אויסגאַבע — וועל איך זיך אָפּשטעלן אביסל מער באַריכות וועגן דעם דאָזיקן ענין.

## ח

# דער מיין פון אויסדרוק „תקוני סופרים"

די באַדייטונג פון אויסדרוק „תקוני סופרים". — די פרייע אויסטייטשונג פון רש"י און ערוך. — די מער קאָנסערוואַטיווע אויסטייטשונג פון רבנו אליהו מזרחי. — די סתירה צו דער דאָזיקער אויסטייטשונג פון „תנחומא". — די אויס־טייטשונג פון רשב"א.

אויסער די תיקוני סופרים שטעלן פון תנ"ך, וואָס איך האָב אין פאַריקן קאַפּיטל געבראַכט, רעכנט אויס דער מדרש תנחומא*) אין „בשלח" נאָך די פאָלגנדע שטעלן:

אין זכריה ב׳: „כי הנוגע בכם נוגע בבבת עינו". אנשטאָט וואָס עס וואָלט דאָ געדאַרפט שטיין עיני — שטייט עינו. אין איוב ז׳: „ואהיה עלי למשא" שטייט דאָ עלי אנשטאָט, וואָס עס וואָלט דאָ באַדאַרפט שטיין עליך. אין חבקוק א׳: „הלא אתה מלכי מקדם ה׳ אלהי קדושי ולא נמות". שטייט דאָ ולא נמות אנשטאָט, וואָס עס וואָלט באַדאַרפט זיין ולא תמות, אין ירמיה ב׳: „ההמיר גוי אלהיו — והמה לא אלוהים. ועמי המיר כבודו בלא יועיל". אנשטאָט, וואָס עס וואָלט באַדאַרפט זיין כבודי — שטייט דאָ כבודו. אין תהלים ק"ו: וימירו את כבודם בתבנית שור אוכל עשב. שטייט דאָ כבודם

*) און עס איז אינטערעסאַנט דערביי צו באַמערקן, אז ברענגענדיק די פסוקים, אין וועלכע די תקוני סופרים שטעלן געפינען זיך, ציטירט דער מדרש אייניקע פון זיי אין א גאַנץ אנדער נוסח, ווי זיי געפינען זיך אין אונדזערע ספרים. עס איז דאָ אם פלאץ אָנצואווייזן אויך דערויף, אז אייניקע שטעלן פון די אין טעקסט געבראַכטע ווערן אויך פון רלב"ג און רד"ק מיט דעם ענין פון תקוני סופרים דערקלערט. און דאָס זעלבע ווערט אויך געטאָן פון אבן עזרא, כאָטש אין די מערסטע פעלע שרייבט ער, אז אויך אָן דעם ארויסהעלפן זיך מיט דעם ענין פון תקוני סופרים קען מען דעם פשט געפינען. און דאגעגן מאכט זיך אפילו אויך רש"י ניט וויסנדיק אין מאַנכע שטעלן פון דעם ענין פון תקוני סופרים".

אנשטאָט, וואָס עס וואָלט באדארפט זיין כבודי. אין מלכים א׳ י״ב און דברי הימים ב׳: „מה לנו חלק בדוד ולא נחלה בכן ישי. לאהליך ישראל. עתה ראה ביתך דוד, וילך ישראל לאהליו״. שטייט דאָ לאהליו אנשטאָט וואָס עס וואָלט באדארפט זיין לאלהיו. אין בהעלותך, ספר במדבר: אל נאָ תהי כמת אשר בצאתו מרחם אמו ויאכל חצי בשרו. שטייט דאָ אמו און בשרו אנשטאָט וואָס עס וואָלט באדארפט זיין אמנו און בשרנו און דאָרטן ווידער, ואל אראה ברעתי, שטייט ברעתי אנשטאָט ברעתם*) אין מלאכי א׳: ואמרתם הנה מתלאה והפחתם אותו. שטייט דאָ אותו אנשטאָט דעם, וואָס עס וואָלט באַ־דארפט זיין אותי. איוב י״ב: „וירשיעו את איוב״. דארפן וואָלט באדארפט זיין דאָ „און זיי האָבן באשולדיקט גאָט״. מפני כבודו של מקום אבער שטייט דאָ „און זיי האָבן באשולדיקט איובן״. אין איכה ג׳: וכור תזכור ותשיח עלי נפשו״. שטייט דאָ עלי אנשטאָט דעם וואָס וואָלט באדארפט שטיין עליך. אין שמואל ב׳ ט״ז: אולי יראה ה׳ בעיני. שטייט דאָ בעיני אנשטאָט דעם, וואָס עס וואָלט דאָ באַ־דאָרפט זיין בעינו.

די צאָל פון די אַלע תקוני סופרים שטעלן, וואָס דער מדרש תנחומא רעכנט אויס, איז אכטצן. דער מנחת שי אָבער הייסט קאָרע־גירן די שטעלע אין תנחומא, וואו ער ברענגט די ווערטער פון איש לאהליו ישראל פון מלכים און דברי הימים. ער דענקט, אז עס דאָרף דאָרטן גערעכנט ווערן אויך דער איש לאהליו פון שמואל ב׳ ביים ענין פון שבע בן בכרי. דעמאָלט אבער, וועט שוין אויסקומען ניינצן, סיידן מיר זאָלן זאָגן, אז דער מדרש רעכנט די קאָרעגירטע פסוקים, ניט די באַזונדערע קאָרעגירטע ווערטער וואָס אין זיי. ווערן דאַן די צוויי ווערטער אָמו און בשרו פון פסוק אין בהעלותך: „אל נא תחי כמת אשר בצאתו מרחם אמו ויאכל חצי בשרו״ נאָר פאר איין תקון סופרים פאררעכנט. און אויף אזא אופן וועט שוין אויך פארענטפערט ווערן די קשיא פארוואָס האָבן זיי ניט געזען קיין תקון סופרים אין לאהליך פון די אויבנגעבראכטע פסוקים, ווי זיי האָבן עס אין לאהליו געזען. דער אמת וועט דאַן זיין, אַז זיי

*) אָט אזוי שרייבט רש״י אין „בהעלותך״. און אין אָנהויב איוב שרייבט ער, אַז עס וואָלט באַדאַרפט שטיין „ברעתך״ און אָט אזוי שרייבט אויך דער בעל העיקרים.

האָבן אים יאָ געזען. זיי האָבן אבער געציילט נאָר דעם פסוק. און אויב צולעצט זאָגן זיי אז עס וואָלט באדארפט שטיין לאלהיו אין יענע פסוקים אנשטאָט לאהליו טוען זיי עס ניט כדי אונטערצושטרייכן, אז נאָר דער לאהליו פון די פסוקים ענטהאלט אין זיך דעם תקון סופרים, נאָר כדי צו ווייזן פון וואָס פאר א כאַראַקטער דער תקון סופרים איז אין זיי — פון אלהים אויף אהלים. זיי האָבן דעם לאהליו גענומען, ווייל ער געפינט זיך מיט איין מאָל מער, ווי דער אהליך. און א ראיה צו דעם איז אויך פון דער מסורה אָנהויב במדבר. ווען זי ציילט אויס די י"ח מלין דתקוני סופרים ברענגט זי נאָר די לעצטע ווערטער ויאכל חצי בשרו פון פסוק אל נא תהי כמת, וואו אויך דאָס וואָרט אמו ענטהאלט א תקון סופרים. און אויבנאויף זעט אויס אז ס'פעלן דאָרטן סיי ווי סיי נאָך צוויי. אויבנאויף זעט אויס, אז זי ציילט נאָר זעכצן. מען באדארף אָבער פארשטיין, אז מיט דעם, וואָס זי ברענגט דעם איש לאהליו ישראל, מיינט זי צו רעכענען אים איבעראל — אין די אלע דריי מאָל — וואו ער געפינט זיך אין תנ"ך.

און אפשר קען מען זאָגן אז דער מדרש און די מסורה ציילן נאָר די ענינים, דיבאזונדערע תקונים, אָבער ניט אַזאַ תקון, וואָס ווערט איבערגעחזרט. און דעריבער ציילן זיי אין די אלע אויבנ־געבראַכטע פסוקים פון „שמואל", „מלכים" און „דברי הימים", נאָר צוויי תקונים. איינמאָל דעם לאהליך און איינמאָל דעם לאהליו. און דאָס, וואָס די מסורה ברענגט נאָר די ווערטער איש לאהליו ישראל מיינט זי ניט דערמיט צו זאָגן, אז נאָר אין וואָרט לאהליו איז דאָ א תקון סופרים, נאָר זי מיינט דערמיט צו זאָגן: די צוויי תקוני סופרים, וואָס געפינען זיך אין די פסוקים פון מלכים און דברי הימים, וועלכע ענדיקן זיך מיט די ווערטער איש לאהליו ישראל, וועלכע געפינען זיך אויך אין שמואל, פונקט ווי מען דאַרף שוין אין דעם פאַרשטיין דעם וואָרט חצי בשרו, וואָס זי ברענגט, אז זי מיינט דערמיט צו זאָגן: די צוויי תקוני סופרים, וואָס געפינען זיך אין דעם פסוק „אל נא תהי כמת", וואָס ענדיקט זיך מיט די ווערטער ויאכל חצי בשרו.*)

---

*) און זע די הערה פון ווייס אין מכילתא ביים פסוק „אל נא תהי כמת". און זע די הערות פון רבי מאיר איש שלום.

וואָס אמבאלאנגט די אויסטייטשונג פון דעם אויסדרוק „תקוני סופרים", מיט וועלכן די חז"ל באַנוצן זיך, איז פאַראַן אַ חלוקי דעות צווישן די מפרשים. אויבנאויף קען שיינען, אז לויט דעם איינפאַכן און לאָגישן פשט דאַרפן די דאָזיקע ווערטער מיינען, אַז די סופרים, די אנשי כנסת הגדולה, האָבן אין יענע שטעלן דעם טעקסט געענ־דערט. און דאָס איז טאַקע אויך דער אופן, ווי פילע אידישע גדולים טייטשן אויס די דאָזיקע ווערטער.*) עס זיינען אָבער אויך פאַראַן אייניקע מפרשים, וואָס ווילן האָבן, אַז די מדרשים רעדן כלל ניט וועגן געוויסע ענדערונגען אין דעם טעקסט, וואָס זיי האָבן געהאַט פאַר זיך אריינגעטראָגן. זיי גייען אזוי וויט אין זייער אויסטייטשונג דעם דאָזיקן אויסדרוק צו באַהויפטן, אז מיט דעם וואָרט סופרים, האָבן זיי ניט די סופרים פון די דורות פון די אנשי כנסת הגדולה, די גייסטיקע פאַרשטייער פון אידישן פאָלק, וואָס זיינען נאָך די נביאים געקומען, געמיינט; און דאָס דאָזיקע וואָרט מיינט אויך ניט, זאָגן זיי, שרייבער אין דעם זין, צו באַצייכענען דערמיט די פערזאָנען, וואָס האָבן זיך מיט איבערשרייבן די תורה באַשעפטיקט. און אָט אזוי, זאָגן זיי, מיינט אויך ניט דאָס וואָרט תקונים אווירקלעכע ענדערונג אין א שוין אָנגעשריבענעם טעקסט. זיי ווילן האָבן, אז מיט דעם וואָרט סופרים מיינען די מדרשים סתם שרייבער, די וואָס פאַרנעמען זיך מיט דער אומנות פון שרייבן, און מיט דעם וואָרט תקונים — פיינערע וועגן פון אויפשרייבן. לויט זיי נאָך מיינט דער מדרש צו זאָגן, אז צוליב די טעמים, וואָס ער גיט אָן, זיינען אָט יענע שטעלן פון אָנהויב אָן געשריבן געוואָרן ניט ווי זיי וואָלטן באַדאַרפט גע־שריבן ווערן, פונקט ווי עס פירט זיך ביי אלע שרייבער, זיי זאָלן פיינערע וועגן זוכן אין זייער שרייבן.*)

---

*) אין ערך כבוד שרייבט דער ערוך: „כי הנוגע בכם נוגע בבבת עינו. בספרים הראשונים היה כתוב: „עיני. און אין רש"י—בראשית, י"ח, כ"ב— והיה לו לכתוב: וה' עודנו עומד על אברהם, אלא תקון סופרים הוא זה, אשר הפכוהו רז"ל לכתוב כן.

*) „הכותב תיקן הדבר מפני הכבוד, כסופר שמתקן דבר מה. כך קבלתי" — מחנות כהונה, בראשית רבה, מ"ט, און ער דערמאָנט, אז דער מזרחי שרייבט אויך דאָס זעלבע. און אין אן אנדער אָרט זעט אויס, ווי ער וואָלט געהאַלטן פון דער פרייער אויסטייטשונג.

און איינער פון די, וואָס זיינען גאָר שטאַרק פאַר דער דאָזיקער אויסטייטשונג פון ענין תקוני סופרים, איז רבנו אליהו מזרחי.

און נאָך מער שטאָל און אייזן איז פאַר איר דער בעל ההגהות אויף דעם מדרש תנחומא. ער האָט שטאַרק תרעומות אויף די וואָס טייטשן אויס דעם ענין פון תקוני סופרים אין דעם זין, אַז די סופרים האָבן די פריערדיקע מעקסטן געענדערט, און ער זעט שיעור ניט כפירה און אפיקורסות אין דער דאָזיקער אויסטייטשונג.

און לויט דעם רשב"א — און נאָענט צו אים איז אויך דער עיקרים — מיינט סופרים טאַקע די אנשי מנסת הגדולה. די חז"ל אָבער, זאָגט ער, האָבן מיט דעם אויסדרוק תקוני סופרים ניט געמיינט צו זאָגן, אַז די סופרים האָבן געענדערט די פון זיי — פון די חז"ל — אָנגעגעבענע שטעלן אין תנ"ך. וואָס זיי האָבן געמיינט צו זאָגן איז דאָס, אַז די סופרים האָבן יענע שטעלן דערקלערט, אויסגעטייטשט, אַז זיי האָבן אין זיי קאָנסטאַטירט תקונים, און האָבן וועגן זיי געזאָגט, אַז פון דעם אָנהויב זיינען זיי צוליב די מאָטיוון, וואָס זיי גיבן אָן, ניט געשריבן געוואָרן, ווי זיי וואָלטן באַדאַרפט געשריבן ווערן, נאָר אין דער פאָרם אין וועלכער מיר האָבן זיי פאַר זיך. לויט דער אויסטייטשונג מיינט תקוני סופרים, ניט די תקונים, וואָס די סופרים האָבן געמאַכט, נאָר די תקונים, וואָס די סופרים האָבן אויסגעפונען. אָדער: די אויסטייטשונגען — אין גרונד איז עס דאָס אייגענע און זעלבע — וואָס די סופרים האָבן צו יענע שטעלן געגעבן.

און ווען מען האָט אין זינען נאָר דעם ריכטיקן פשט, וואָס דער אויסדרוק תקוני סופרים קען ענטהאַלטן, אויסצוגעפינען, ניט נאָר גלאָט מקיים זיין די מצוה פון שטענדיק ראַציאָנאַל צו זיין, ניט נאָר זוכן גלאָט פרייע אנשויאונגען ביי די חז"ל צו געפינען, מוז מען צוגעבן, אַז אין די אַלע שטעלן אין די מדרשים, וואו עס ווערט וועגן דעם ענין פון תקוני סופרים גערעדט, זיינען כלל קיינע עלעמענטן אַזוינע ניט פאַראַן, וואָס זאָלן אונדז צווינגען צו געבן מער האפט דער פרייער אויסטייטשונג פון אויסדרוק תקוני סופרים. עס איז קיין אורזאכע ניטאָ צו דערקלערן אלס ניט ריכטיק די באהויפּטונג, אַז מיט דעם אויסדרוק „תקוני סופרים" אין באַצוג צו אָט יענע שטעלן, וואָס ווערן פון די חז"ל אָנגעגעבן, האָבן זיי ניט געמיינט, אַז די אנשי הכנסת הגדולה האָבן יענע שטעלן געענדערט. עס קען זייער גוט זיין,

אז זיי האָבן געמיינט מיט דעם דאָזיקן אויסדרוק צו זאָגן טאַקע אָט דאָס, וואָס ווערט אים פון דער דאָזיקער באַהויפּטונג צוגעשריבן. עס קען ווידער אויך זייער גוט זיין, אז מיט דעם וואָרט „סופרים״ מיינען זיי די, וואָס האָבן צום ערשטן די תורה אויפגעשריבן.

און אן אומדירעקטן „תניא דמסייע ליה״ האָט די צווייטע אויס־טייטשונג אין דעם, וואָס די „מכילתא״ אין בשלח באַנוצט זיך ניט מיט די ווערטער „תקוני סופרים״, ווען זי ברענגט אייניקע תקוני סופרים שטעלן פון די, וואָס דער תנחומא ברענגט, נאָר זי שרייבט נאָר די ווערטער „אלא שכנה הכתוב״.

דערפאַר אָבער קען מען א סתירה צו איר געפינען אין דעם, וואָס עס געפינען זיך אין תנחומא נאָך דעם, וואָס ער זאָגט: „וכנהו הכתוב שהוא תקון סופרים״, די ווערטער „אנשי כנסת הגדולה״. דאָ זעט זיך אלזא קלאָר, אז מיט די סופרים מיינען די חז״ל די אנשי כנסת הגדולה. און שארפער נאָך איז די סתירה פון דעם לעצטן פּאַראַגראַף דאָרטן, וועלכער לייענט זיך: „אלא שכינו פסוקים אלו אנשי כנסת הגדולה, ולכך נקראו סופרים, שהיו סופרים כל אותיות שבתורה ודורשין אותן. וכן והנם שולחים את הזמורה אל אפי. והם תקנו אל אפם״. די אבער, וואָס טייטשן אויס דעם אויסדרוק תקוני סופרים „כדרך תקוני סופרים שהסופר מתקן איזה דבר בשביל הכבוד״, זאָגן אז דער איבערגעבראַכטער לעצטער פּאַראַגראַף פון תנחומא, ווי אויך די ווערטער „אנשי כנסת הגדולה״ אין אָנהויב זיינען פון א תלמיד טועה געשריבן געוואָרן. ונאמן עלי האמת — שרייבט דער בעל צידה לדרך — כי ישנם אתי שני מדרשות „ילמדנו״ שהם קדמונים יותר על שלש מאות שנים והנה אין בהם מאומה מן המאמר ההוא״.

און לויט דער אויסטייטשונג פון רשב״א דאַרף מען גאָר אינ־גאנצן צו דער הילף פון „תלמוד טועה״ ניט אָנקומען. אפילו דער הארבסטער אויסדרוק, אין די שטעלן דער אויסדרוק: „והם תקנו אל אפם״ קען אויסגעטייטשט ווערן „און זיי — די אנשי הכנסת הגדולה האָבן עס אויסגעטייטשט — האָבן דעם ענין פון תקון געזען אין — דעם אל אפם, אז עס וואָלט באַדאַרפט זיין אל אפי.

ט

# קרי און כתיב

**די פאַרשיידענע מאָטיוון, וואָס האָבן די תקוני סופרים פאַראורזאַכט. — די „קריין" ו„כתיבין" און „כתיבין" ולא „קריין". — די פאַרשיידענע „קרי" און כתיבין". — דער מאָטיוו פון אויסמיידן הגשמת הבורא אין אייניקע תקוני סופרים פעלע.**

די סופרים, אלזא, האָבן זיך ניט נאָר מיט דעם אליין באשעפטיקט, פעסטצושטעלן דעם ריכטיקן נוסח אין די ערטער פון דער תורה און אין די איבעריקע ספרים פון תנ"ך, וואָס זיי האָבן געהאַט פאר זיך, וואו עס האָט געקענט א צווייפל זיין בנוגע דעם, ווי די ריכטיקע גירסא האָט באַדאַרפט זיין דאָרטן. זייער רעדאַקציאָנעלע טעטיקייט איז אָנגעווענדט געוואָרן ניט נאָר אויף די פעלערהאפטע שטעלן אין טעקסט פון דער תורה, נאָר אויך אויף אזוינע ערטער, וואו דער טעקסט איז גאנץ קאָרעקט געווען, וועלכע האָבן געהאַט א פעסט־געשטעלטן ריכטיקן נוסח. צוליב מאָטיוון פון כבוד המקום און כבוד הבריות האָבן די סופרים אין אייניקע שטעלן פון דער תורה געוויסע ענדערונגען אריינגעטראָגן. זיי האָבן די אומפּאַסיקע אויס־דריקע פאר יענע פעלע אויף מער פּאַסיקע פארביטן.

און לויט דעם כאַראַקטער זייערן באַלאַנגען צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע פון „תקוני סופרים" אויך די פון די „קרי און כתיב" תקונים, וואָס די מאָטיוון, וואָס האָבן זיי פאראורזאכט, רופן אין עסטעטיציזם, אין דעם באשטרעבן מיט א „לשון נקיה" זיך צו באנוצן. אין אייניקע פעלע, וואו עס געפינט זיך א וואולגאר, מגושמדיק וואָרט אין דער ביבל, האָבן די סופרים געהייסן פארבייטן דאָס וואָרט ביים לייענען אויף א גאנץ אנדער וואָרט, וואָס בנוגע דעם עצם מיין, וואָס דאָס דאָזיקע וואָרט באצייכנט, האָט עס, אמת, די זעלבע באַדייטונג, ווי דאָס פארביטענע וואָרט, עס קלינגט אבער דאָך ניט אזוי פּראָסט, ווי דאָס אין טעקסט געשריבענע וואָרט. אין די דאָזיקע אלע פעלע ווערט דער אינהאלט פון די ווערטער, וואָס זיינען דאָ אונטער דער

ווירקונג פון „תקוני סופרים״*) אונטערגעוואָרפן געוואָרן, אַז געלעזן און אַזוי געשריבן. דער איינציקער תקון פון די סופרים בנוגע זיי באַשטייט נאָר אין דעם, וואָס צוליב דעם „הוו זהירים בדבריכם״ מאָטיוו, דער מענטש זאָל ניט אַ גאָר שטאַרק גראָב וואָרט פון זיין מויל אַרויסברענגען, האָבן זיי — די סופרים — געהייסן זיי פאַרבייטן ביים אַרויסרעדן זיי אויף אַנדערע ווערטער פון דער זעלבער באַדייטונג, וואָס זיינען ווייניגער גראָב.

און צו דער זעלבער קאַטעגאָריע באַלאַנגען אויך די ענדערונגען, וואָס זיי האָבן געמאַכט אין דער אויסשפּראַכע פון געוויסע ווערטער, אין דעם אופן, ווי אַזוי מען זאָל זיי ביים אויסרעדן מנקד זיין, דורך וועלכן עס איז אַן אַנדער שאַטירונג אַריינגעטראָגן געוואָרן אין דער באַדייטונג פון די ווערטער.

די דאָזיקע ענדערונגען האָבן זיי אַריינגעטראָגן אין די ווערטער, וואָס אויב מען זאָל זיי לייענען, ווי די כוונה פון די שרייבער איז געווען, מען זאָל זיי לייענען, וואָלט עס געקענט פירן צו „הגשמת הבורא״, וואָלט דאָס געקענט מיינען, אַז גאָט ווערט דאָ פאָרגעשטעלט, ווי אַ קערפּער, וואָס מען קען אים משיג זיין מיט די חושים. למשל, דער פסוק: „שלש פעמים בשנה יראה כל זכורך לפני ה׳״ — דברים ט״ז — איז אָן שום ספק דאָס וואָרט „יראה״ לכתחלה געמיינט געוואָרן און די ערשטע צייט אויך געלייענט געוואָרן מיט אַ חיריק אונטער דעם יו״ד און מיט אַ שו״א אונטער דעם רי״ש. און דער מיין פון דעם פסוק איז דאָן אויף פאָלגענדן אופן פאַרשטאַנען געוואָרן: דריי מאָל אין יאָר זאָלן אַלע מאַנספּערזאָנען דיינע זען גאָטס פּנים. לויט די נקודות אָבער אין אונדזערע ספרים ווערט דאָס וואָרט יראה געלעזן מיט אַ ציר״ה אונטער דעם יו״ד און מיט אַ קמ״ץ אונטער דעם רי״ש. אויף אַזאַ מין אופן ווערט שוין דאָן די באַדייטונג פון פסוק אַ גאַנץ אַנדערע. מען באַדאַרף אים שוין דאָן אויף פאָלגענדן אופן פאַרשטיין: און דריי מאָל אין יאָר זאָלן אַלע מאַנספּערזאָנען דיינע דערשיינען פאַר גאָט. דאָן אָבער, ווען בנוגע דעם ערשטן וועג פון פאַרשטיין דעם פסוק איז גאָר ניטאָ וואָס אויסצוזעצן מצד דער גראַמאַטיקאַלער

---

*) אין דער דאָזיקער שטעלע באַדאַרף מען פאַרשטיין אין די ווערטער „תקוני סופרים״, די רעדאַקציאָנעלע טעטיקייט אין באַצוג צום תנ״ך אין אַלגעמיין.

קאָנסטרוקציע פון דער גאַנצער פראַזע, איז דאָס בנוגע דעם צווייטן וועג פון פאַרשטיין דעם פסוק יא מעגלעך צו טאָן. לייענען דא דאָס וואָרט יראה מיט א ציר״ה אונטער דעם יו״ד און מיט א קמ״ץ אונטער דעם רי״ש איז ניט אין אנקלאַנג מיט דער גראַמאַטיקאַלער קאָנסט־רוקציע פון די ווערטער, וואָס קומען נאָך דעם יראה. ווען דאָס וואָרט יראה וואָלט דאָ באַדאַרפט געלייענט ווערן אזוי, אז זיין באַדייטונג זאָל זיין געוויזן ווערן, וואָלט נאָכדעם באדארפט שטיין ניט את פני נאר אל פני. עס ווייזט דעריבער אויס, אז די סופרים האָבן געענדערט די אויסשפּראַכע. דאָסזעלבע איז געשען אויך אין פילע אנדערע ערטער, וואו עס קומט פאָר דער אויסדרוק „זען גאָט". אויך אין די דאָזיקע אלע פעלע, אין די פעלע, וואו עס האנדלט זיך אין אויסמיידן הגשמת הבורא און אין די פעלע פון ניט דערלאָזן, אז דאָס אידישע פאָלק זאָל זיך צוגעוואוינען גראָבע און וואולגארע ווערטער ארויסצוברענגען פון מויל, זיינען די סופרים כלל ניט אויסן געווען א גרייז צו פאַריכטן, ווי זיי זיינען עס ניט אויסן געווען מיט די „תקוני סופרים" זייערע, וועגן וועלכע מיר האָבן פריער גערעדט. זיי האָבן גאָר ניט גערעכנט, אז דער אורשפּרינגלעכער טעקסט איז דאָ פאַרגרייזט געוואָרן. אויך אין די ערשטע פעלע, האָבן זיי, ווי אין די לעצטע, די רעדאקציאָנעלע תקונים זייערע געמאַכט צוליב גאַנץ אנדערע מאָטיוון, ווי א גרייז צו פאַריכטן, צוליב אָט יענע אלע מאָטיוון, אויף וועלכע מיר האָבן אָנגע־וויזן ביז איצט.

---

און אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם ענין פון „קרי" און „כתיב" באדארפן נאָך צוויי קאָטעגאָריען דערמאָנט ווערן. איך האָב שוין אין איינעם פון די פריערדיקע קאַפּיטלען גערעדט וועגן דעם „קרי" און „כתיב" אין באַצוג צו איינצלנע אותיות: וועגן די ווערטער, וואָס דורך דעם, וואָס געוויסע אותיות ווערן אין זיי אויף אנדערע פאַרביטן, לייענען זיי זיך אנדערש, ווי זיי זיינען געשריבן, ענדערענדיק דערביי געגנצלעך זייער באַדייטונג. און איך האָב דאָרטן געבראַכט די מיינונג פון קראכמאל, אז אין פילע פעלע האָבן די סופרים געענדערט דאָס וואָרט כדי אָנצוהענגען געוויסע ענינים, וואָס זיי האָבן מחדש געווען אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אינהאַלט וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין

די שטעלן, אין וועלכע יענע געענדערטע ווערטער געפינען זיך אין די רייד פון דער תורה. לויט דער דאָזיקער מיינונג, אלזא, קומט גאָר אויס, אז די סופרים האָבן פאר זיך אין פילע פון די „קרי" און „כתיב" פעלע, וואָס מיר האָבן פאר זיך, גראַדע א ריכטיקן טעקסט געהאַט פאר זיך, נאָר זיי אליין האָבן אים אין „כתיב" פארגרייזט. עס זיינען אָבער דאָך אויך פילע „קרי" און כתיבים פאראן, וואָס נאָר אן אורשפּירנגלעכער פארגרייזטער טעקסט איז זייער אורזאכע. ווארום ניט איבעראַל, וואו דער נוסח אין תנ"ך האָט געשיינט די סופרים צו זיין פארגרייזט, האָבן זיי דעם געשריבענעם טעקסט געענדערט. דאָרטן, וואו זיי האָבן אויסגעפונען, אז אפילו אין דער פארגרייזטער פאָרם לאָזט זיך דאָס וואָרט ווי עס איז איינטייטשן, האָבן זיי דעם טעקסט ניט געענדערט, טראָץ דעם, וואָס זיי זיינען אויך זיכער געווען, אז געענדערט אויף דעם אופן, ווי זיי האָבן פארשטאנען, אז ער באַדארף געענדערט ווערן, וואָלט ער זיך א סך בעסער און פארשטענדלעכער געלייענט. אין די דאָזיקע פעלע האָבן זיי פאַרריכט דעם גרייז דורך דעם, וואָס זיי האָבן צוגעגעבן צום כתיב דעם קרי, אין וועלכן זיי האָבן געגעבן דאָס אין טעקסט געשריבענע וואָרט אין דער גירסא, וואָס זיי האָבן געהאלטן פאר דער ריכטיקער.

און פון אזא כאַראַקטער זיינען אויך די „קריין ולא כתיבין" און „כתיבין ולא קריין". דער „קרי" און „כתיב" בנוגע צו גאנצע ווערטער. אלס „קריין ולא כתיבין" ווערן באַצייכנט אָט יענע ווערטער, וואָס ווערן געלעזן אין א געוויסער שטעלע אין תנ"ך, כאָטש אין טעקסט געפינען זיי זיך ניט. און אלס „כתיבין ולא קריין" ווערן באַצייכנט אָט יענע ווערטער, וואָס ווערן אויסגעלאָזן ביים לייענען געוויסע שטעלן פון תנ"ך, כאָטש זיי געפינען זיך אין טעקסט. די אורזאַכע דערפון, וואָס זיי האָבן גאָר אינגאנצן דעם געשריבענעם טעקסט ניט געענדערט, לויט דער גירסא פון קרי נאָך, פונקט ווי זיי האָבן בעטאָן אין פילע אנדערע פעלע, וואו זיי האָבן פאר זיך א פארגרייזטן טעקסט געהאַט, איז אויך דא געווען דאָס, וואָס עס איז ניט אבסאָלוט נויטיק געווען צו קאָרעגירן דעם טעקסט דערויף, מען זאָל קענען פארשטיין ריכטיק דעם ענין. אין די אלע פעלע, וואו עס געפינט זיך א צוגעגעבן וואָרט צום כתיב אלס קרי, קען מען דעם אינהאַלט אויך אָן דעם צוגעגעבענעם וואָרט פארשטיין. און דעריבער האָבן

זיי דאָס וואָרט, וואָס האָט, לויט ווי זיי האָט געשיינט, געפעלט, ניט אריינגענומען אין טעקסט, נאָר אלס קרי געגעבן. זיי האָבן געהייסן, מען זאָל זיך פאָרשטעלן ביים לייענען, אז אזאַ וואָרט געפינט זיך אין דער געלעזענער שטעלע. און דאָס אייגענע איז מיט די אויסגעמעקטע ווערטער. אויך דאָ איז ניט פאראַן די אבסאָלוטע נויטווענדיקייט אויסצומעקן זיי, כדי מען זאָל ריכטיק דעם טעקסט, אין וועלכן זיי געפינען זיך קענען פארשטיין. דעריבער האָבן די סופרים אויסגע־מעקט זיי נאָר אין דער פאָרשטעלונג. איבערלאָזנדיק זיי אין טעקסט, האָבן זיי געהייסן ניט נעמען זיי אין באטראכט ביים לייענען. אזעלכע תקונים האָבן נאָר דעם זין פון א פירוש, וואָס מאכט דייטלעכער און קלערער דעם ענין.

## י

# אותיות מנוקדות

די פינטעלעך, וואָס די סופרים האָבן געשטעלט איבער די אותיות פון געוויסע ווערטער. — וואָס דער מדרש זאָגט וועגן דעם. — דאָס פארבייטן דורך די סופרים די העברעאישע שריפט אויף כתב אשורית. — דער מיין פון דער דאָזיקער באצייכנונג. — די מאָטיוון, וואָס האָבן באַוועגט די סופרים, זיי זאָלן דעם אלט־העברעאישן כתב אויף אן אנדערן פארבייטן.

א פראָדוקט פון דער רעדאַקציאָנעלער טעטיקייט פון די סופרים זיינען אויך די פינטעלעך, וואָס געפינען זיך אין פארשידענע ערטער אין דער תורה פון אויבן איבער די ווערטער.

די דאָזיקע פינטעלעך האָבן די סופרים געשטעלט, לויט ווי די חז״ל דערקלערן אונדז, איבער די אותיות פון יענע ווערטער, בנוגע וועלכע זיי זיינען אין ספק געווען צו זיי זיינען ריכטיק געשריבן אדער, צי זיי זיינען גאָר אינגאנצן ניט קיין איבעריקע. אין די דאָזיקע אלע פעלע האָבן זיי קיין זיכערקייט ניט געהאט, אויף וויפיל זיי האָבן דאָ צו טאָן מיט א פארגרייזטן נוסח, אָדער צו איז ער גאָר אינגאנצן פארגרייזט. האָבן זיי דעריבער ניט געוואָלט שטעלן אויף זיך, אָנצוגעבן מיט זיכערקייט אן אנדער מער קאָרעקטן נוסח אין די צווייפלהאפטע פאר זיי שטעלן און זיי האָבן זיך באנוגנט נאָר דערמיט, וואָס זיי האָבן באצייכנט מיט פינ־טעלעך די צווייפלהאפטע ווערטער אי דאָ, ווען זיי האָבן אין זיי א געוויסע קאָרעקציאָן אריינגעטראָגן, אי דאָן, ווען זיי האָבן זיי געלאָזט אומגעענדערט, כדי צו ווייזן דורך דעם, אז טראָץ דעם, וואָס זיי האָבן זיי געלאָזט, ווי זיי זיינען, אָדער טראָץ דעם, וואָס זיי האָבן זיי קאָרע־גירט, זיינען זיי נאָך אלץ „מכלל ספק לא יצאו.*)

עזרא האָט אזוי געזאָגט — שרייבט דער מדרש רבה אין במדבר פרשה ג׳ — אויב אליהו וועט קומען און זאָגן: צו וואָס האָסטו זיי

*) פון דעם מדרש איז צו זען, אז דער ענין מיט די נקודות איבער די אותיות איז, ווי איך פאָרמוליר אים, אז אין אייניקע פון די שטעלן, וואו די ווערטער מיט נקודות איבער זיי געפינען זיך, געפינען זיך אויך געוויסע קאָרעקציאָנען פון די סופרים, און ניט, ווי וויס שרייבט, אז אין די דאָזיקע אלע פעלע האָט עזרא געלאָזט דעם טעקסט, ווי ער האָט אים געהאט פאר זיך.

געשריבן יענע צווייפלהאפטע ווערטער און אותיות — וועל איך אים זאָגן: איך האָב דאָך געשטעלט נקודות אויף זיי. און אויב ער וועט מיר זאָגן: גוט האָסטו געשריבן, וועל איך אויסמעקן די נקודות.

און ווען מען אַנאַליזירט, ווי געהעריק פילע פון די שטעלן, אין וועלכע עס געפינען זיך די אותיות מיט די נקודות איבער זיי, קען מען אויך אויסגעפינען דעם כאַראַקטער פון פּראָבלעם, וואָס די סופרים האָבן געהאט פאר זיך אין באצוג צו יענע שטעלן, און וואָס עס איז אייגנטלעך באשטאנען דאָס צווייפלען זייערס.

מיר זעען, למשל, אז אין דעם פסוק — בראשית י״ח — „ויאמרו אליו איה שרה אשתך״ איז דער אל״ף יו״ד וואַ״ו פון וואָרט „אליו״ מנוקד. שיינט מיר, אז דאָס פּראָבלעם, וואָס די סופרים האָבן אין דעם פסוק געהאט פאר זיך צו ענטשיידן, איז באשטאנען אין פאָלגענדן: אין די געשריבענע ספרים, וואָס זיי האָבן געהאט פאר זיך, איז דאָס וואָרט אליו ניט געווען. אנשטאָט דעם אליו האָט זיך אין פסוק געפונען צוויי מאָל דאָס וואָרט איה. דערביי איז דער ערשטער איה געווען נאָך אפשר געשריבן מיט א וואַ״ו אנשטאָט א ה״א, די סופרים זיינען דעריבער געווען אין צווייפל, צי דאָס ערשטע וואָרט דארף זיך, ווי דאָס צווייטע לייענען „איה״ און עס איז דעריבער ניט מער ווי א שגגת סופר, וואָס האָט געלאָזט די פעדער זיינע אַן איבריק מאָל דאָס אייגענע און זעלבע וואָרט שרייבן; אָדער עס וואָלט דאָ באדארפט שטיין אליו, נאָר עס איז פארגעסן געוואָרן דעם למ״ד ארייַנצושטעלן אין וואָרט, דערפאר איז פון דעם אליו א צווייטער איה געוואָרן. אין ערשטן פאַל וואָלט זיך דער פסוק באדארפט לייענען: ויאמרו: איה שרה אשתך. און אין צווייטן פאל: ויאמרו אליו: איה שרה אשתך. און דעריבער האָבן זיי קאָרעגירט דעם ערשטן איה אין אליו און באצייכנט די אותיות אל״ף יו״ד וואַ״ו מיט פינטעלעך, צו ווייזן, אז נאָר די אותיות האָבן זיך געפונען אין דעם דאָזיקן וואָרט אין דעם טעקסט, וואָס זיי האָבן קאָרעגירט. און אָט אזוי איז דאָס אויך מיט די אותיות מנוקדות פון וואָרט וישקהו אין פסוק — בראשית ל״ג — וירץ עשו לקראתו ויפל על צוארו וישקהו. די סופרים האָבן דאָ געהאט פאר זיך דאָס וואָרט וישקהו מיט א אות חסרה צווישן קו״ף און וואַ״ו. זיינען זיי ניט זיכער געווען, צי דאָס אות

חסרה איז א למ״ד און מען באדארף לייענען אין פסוק צוויי באזונדערע ווערטער: וישק לו, אדער דאָס אות חסרה איז אן ה״א און מען דארף לייענען דאָ נאָר איין וואָרט: „וישקהו״.

און אויף דעם זעלבן אופן קען מען אויך דערקלערן דאָס, וואָס די ווערטער „לנו ולבנינו״ אין דעם פסוק — דברים כ״ט — „הנסתרות לה׳ אלהינו והנגלות לנו ולבנינו עד עולם״ זיינען געפינטלט אויבן. דער דאָזיקער פסוק איז, ווירקלעך א קצת קשי החבנה מיט די ווער־טער לנו ולבנינו. דאַן, ווען אָן זיי איז ער פיל פאַרשטענדלעכער. די סופרים זיינען דעריבער אין צווייפל געווען, צי די ווערטער לנו ולבנינו באלאנגען ווירקלעך צום טעקסט דאָ, אָדער זיי זיינען אהער על פי טעות נאָר ארייגעבראכט געוואָרן, און דער פסוק דארף זיך לייענען: הנסתרות לה׳ אלהינו והנגלות עד עולם. און זיי האָבן אויף דעם דאָזיקן צווייפל אָנגעוויזן דורך דעם, וואָס זיי האָבן די ווערטער לנו ולבנינו באַפינטלט. עס איז ווידער אויך מעגלעך, אז דער צווייפל זייערער איז באשטאנען אין דעם, וואָס זיי האָבן ניט געוואוסט גענוי צו באַשטימען, מיט וועלכע ווערטער פון דעם פסוק, וואו די ווערטער „לנו ולבנינו״ געפינען זיך אין צוזאַמענהאנג, זיי באדארפן זיך לייענען. זיי זיינען געווען אין ספק, צו מען דארף לייענען דעם פסוק: הנסתרות לה׳ אלהינו, והנגלות לנו ולבנינו — לעשות את כל דברי התורה הזאת. אדער: הנסתרות לה׳ אלהינו והנגלות — לנו ולבנינו לעשות את כל דברי התורה הזאת. דעריבער האָבן זיי די דאָזיקע צוויי ווערטער*) באפינטלט.

און צו די אויפטואונגען פון די סופרים אויף דעם געביט פון צוזאַמענשטעלן די ספרי קודש און פארשפרייטן זיי צווישן פאָלק באַ־לאנגט אויך דאָס, וואָס זיי האָבן געענדערט די אלטע העברעאישע שריפט, מיט וועלכע דאָס אידישע פאָלק האָט זיך ביז צו גלות בבל באַנוצט אויף א נייער שריפט אויף כתב אשור. דאָס איז געווען דער אויפטו, ווי איך האָב עס שוין פארבייגייענדיק געשריבן אין דעם פינפטן קאַפיטל פון דעם דריטן טייל, פון די גאָר ערשטע סופרים, פון עזרא וסעייתו. אין זייער שטרעבן צוגעגלעך צו מאכן די תורה פאר

*) אין אונדזערע ספרים איז אויך דער „עיין״ פון וואָרט „עד״ געפינטלט.

דעם פֿאַלק, האָבן זיי באַשלאָסן צו שרייבן זי אויף דעם כתב אשורית, וואָס איז פֿיל באַקוועמער, איינפֿאַכער און לייכטער, ווי די אַלטע העב־ברעאישע שריפֿט איז געווען, און זי איז מער פּאָפּולער געווען צווישן דער אידישער באַפֿעלקערונג אין בבל, ווי די לעצטע. ווארום פּונקט, ווי זיי האָבן זיך אין משך פֿון די יאָרן, וואָס זיי האָבן זיך אין גלות בבל געפֿונען, אויסגעלערנט די שפּראַך פֿון די פֿעלקער, צווישן וועלכע זיי איז אויסגעקומען צו לעבן, אַזוי האָבן זיי אויך אײַ־בערגענומען זייער שריפֿט. ווי דאָס ווערט בפּרוש דערקלערט אין תלמוד בבלי און תלמוד ירושלמי; פֿאַר וואָס ווערט אָנגערופֿן די דאָזיקע שריפֿט כתב אשורית, ווייל זיי האָבן זי מיטגעבראַכט מיט זיך פֿון אשור.*)

און אויסער דעם דאָזיקן מאָטיוו אויף צו פֿאַרבייטן די אַלטע העברעאישע שריפֿט אויף דער אשורישער, איז געווען נאָך אַ מאָטיוו, דער מאָטיוו פֿון פֿאַרגרעסערן וואָס מער די אָפּגעזונדערטקייט צווישן די אידן און די כותיים, פֿון איינהיטן דעם ריכטיקן טעקסט פֿון דער תורה, אַז שוין נאָך דעם אויסערלעכן אויסזען אַליין זאָל מען דער־קענען דעם אונטערשייד צווישן די קאָפּיעס פֿון דער תורה, וואָס זיינען איבערגעשריבן געוואָרן פֿון אידן און צווישן די, וואָס זיינען איבער־געשריבן געוואָרן פֿון די כותיים. ווארום די כותיים האָבן געשריבן זייער תורה דוקא אין דער אַלט העברעאישער שריפֿט, טראָץ דעם, וואָס זיי האָבן אַליין געשטאַמט פֿון דעם זעלביקן לאַנד אשור, פֿון וואַנען די אשורישע שריפֿט איז געקומען. זיי האָבן די ערשטע אָפּ־שריפֿט פֿון דער תורה באַקומען אַ סך פֿריער, איידער עזרא האָט אומגעביטן די שריפֿט, און זיי האָבן אויך ווייטער אָנגעהאַלטן די זעלביקע שריפֿט, אין וועלכע זיי האָבן די ערשטע אָפּשריפֿט פֿון דער תורה באַקומען. דורך דעם אַלזאָ, וואָס ביי אונדז האָט מען דאַן אָנגעהויבן שרייבן די תורה מיט אַן אַנדער שריפֿט איז אַזוי אַרום

---

*) און ביי איינעם פֿון די אחרונים — איך קען זיך ניט דערמאָנען דאָ ביי װעמען — ווערט אָנגעגעבן דער טעם, פֿאַר וואָס אונדזער כתב ווערט אָנגערופֿן כתב אשורית, ווייל זיינען אותיות זיינען „מאושרות ויפות". דער מקור אָבער פֿון דעם טעם איז אין תלמוד. אין נאָמען פֿון רבי אליעזר המודעי, ווערט דאָרטן געזאָגט, אַז „למה נקרא אשורית—שמאושרת בכתב".

געשאַפן געוואָרן א מעגלעכקייט, אכטונג צו געבן, אז די פון אידן איבערגעשריבענע קאָפּיעס פון דער תורה, און פון כותיים זאָלן זיך ניט צוזאַמענמישן, וואָס וואָלט אבסאָלוט אוממעגלעך געווען, ווען די סופרים וואָלטן ניט געווען זיך אָפּזאָגן פון דער אלטער שריפט. עס איז אזוי ארום באַזייטיקט געוואָרן די געפאַר, אז עס זאָלן זיך אריינגנבענען אין דער תורה די פעלשונגען און פאַרגרייזונגען וואָס די כותיים וואָלטן אין איר געמאַכט, דורך דעם, וואָס וואָלט געקענט פּאַסירן, אז א שומרונישע קאָפּיע פון דער תורה זאָל אמאָל אריינפאַלן צו א אידן, און ער זאָל, ניט פאַרדעכטנדיק גאָר, אז ער האָט פאַר זיך א כותישן עקזעמפּלאַר, איבערשרייבן וויטערדיקע קאָפּיעס פון אים.

און א רמז אויף דעם מאָטיוו, אז די סופרים הראשונים האָבען געענדערט די אלטע שריפט אויף כתב אשורית כדי צו באַוואָרענען, אַז אין אונזער תורה זאָלען ניט אריינקומען קיין פעלשונגען דורך די שומרונים, ווארום, ווי עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזען, האָבען די כותיים אין א משך פון א געוויסער צייט אין פילע ערטער טאַקע געפעלשט דעם טעקסט פון דער תורה — האָבן מיר, אויך ביי די שפּעטערע בעלי התלמוד אין דעם, וואָס זיי דערקלערן, אז דאָס, וואָס די מסורה, וואָס זיי האָבן געהאַט, האָט געזאָגט, אז דעם כתב עברי האָבן די סופרים איבערגעלאָזט פאַר די „הדיוטות”, האָט זי געמיינט דערמיט צו זאָגן, אז זיי האָבן אים איבערגעלאָזט פאַר די כותיים.

עס דאַרף אָבער צוזאַמען דערמיט אויך באַמערקט ווערן, אז דער כתב עברי איז דאָך ניט גאָר אינגאַנצן באַזייטיקט געוואָרן. אין דעם אלטעגלעכן לעבן איז ער אויך ווייטער פּראַקטיצירט געוואָרן. מיט דעם כתב אשורית האָט מען זיך נאָך אין א משך פון פילע פּעריאָדן יאָרן שפּעטער נאָר פאַר הייליקע ענינים באַנוצט. פאַר ניט הייליקע ענינים פלעגט מען זיך דעמאָלט מיט דער דאָזיקער שריפט ניט באַנוצן, ווי מען זעט עס טאַקע פון די אויסגעפונענע אלטע מטבעות, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אין דער צייט פון די חשמונאים: די ווערטער אויף די דאָזיקע מטבעות זיינען ניט אין אשורישער שריפט, נאָר אין דער אלט העברעאישער. אז מען קוקט זיך גוט צו צו דער שריפט, וואָס אויף זיי, זעט מען, אז דאָס איז די זעלבע שריפט, וואָס ביי די כותיים.

און עס קען אויך זיין, אז דאָס וואָרט „הדיוטות״, וואָס ווערט דערמאָנט אין דער אָט ערשט דערמאָנטער מסורה, האָט אויסער דער באַדייטונג וואָס די בעלי התלמוד שרייבן דעם צו: הדיוטים, פּראָסטע מענטשן, ווי זיי פלעגן אָנרופן די כותיים, נאָר אויך די באַדייטונג פון פּראָסטע ענינים, און זיי האָבן אונדז אין דער דאָזיקער מסורה איבערגעגעבן דאָס, וואָס איך האָב אויבן געשריבן, אז נאָר פאר הייליקע ענינים האָבן זיי דעם כתב עברי באַזייטיקט, אָבער פאר וועלטלעכע ענינים האָט מען געלאָזט די אלטע שריפט צו באַנוצן זיך מיט איר, אָדער עס קען נאָך אויך דאָס זיין, אז ניט נאָר איז דאָס באַנוצן זיך מיט דעם כתב עברי פאר עניני חול אלס רשות געבליבן, נאָר אויך אלס חובה, כדי צוצוגעבן מער חשיבות די הייליקע שריפטן, אז זיי זאָלן געשריבן ווערן מיט א שריפט, מיט וועלכער עס ווערן קיינע עניני חול ניט געשריבן.

און לויט דער תלמוד דערציילט אונדז, איז ארום יענער עפּאָכע אויפגעטאָן געוואָרן נאָך אן אויפטו, וואָס האָט צו טאָן מיט פאַרגריננ־גערן דאָס לייענען און שרייבן פון דער תורה און מער אָרדנונג און סיסטעם אריינצוטראָגן אין דעם כתב, מיט וועלכן זי האָט באַדאַרפט געשריבן ווערן. דער דאָזיקער אויפטו באשטייט אין דעם, וואָס עס זיינען דאַן פאַרדאָפּלט געוואָרן די אותיות, כ, מ, נ, פ, צ, זיי האָבן אָנגעהויבן דאַן אין צווייערליי פאָרמען געשריבן ווערן. אין איין פאָרם, ווען זיי געפינען זיך אין אָנהויב אדער אין מיטן וואָרט און אין א צווייטער פאָרם, ווען זיי געפינען זיך צום סוף וואָרט. די גמרא זאָגט, אז „מנצפ״ך צופים אמרום״, אז ערשט די נביאים אחרונים האָבן מתקן געווען, אז די אותיות מ, נ, צ, פ, כ, זאָלן צום סוף געשריבן ווערן אנדערש, ווי אזוי; ביז דאַן אבער איז קיין אונטערשייד ניט געווען ביים שרייבן די דאָזיקע אותיות. אויך צום סוף זיינען זיי געשריבן געוואָרן אין דער זעלבער פאָרם, ווי אין אָנהויב אדער אין מיטן פון וואָרט.

יא

# די פונקציעס פון דער כנסת הגדולה

דער כנסת הגדולה אינסטיטוט און דער סופרים אינסטיטוט. — דער אונטערשייד צווישן זיי. — די פונקציעס פון יעדן איינעם פון זיי. — אַנאַלאָגיען צווישן די דאָזיקע אינסטיטוציעס אלס געזעצגעבנדע קערפּערשאַפטן און די געזעצ־געבנדע קערפּערשאַפטן ביי די מלוכות אין דער מאָדערנער צייט. — דער קאָלעקטיווער כאַראַקטער פון דער טעטיקייט פון די מיטגלידער פון די דאָזיקע ביידע געזעצגעבנדע אינסטיטוציעס. — דער איינטערשייד צווישן די טערמינען „התקינו" און „תקנו", מיט וועלכע די חז"ל באַנוצן זיך, ווען זיי רעדן וועגן דער טעטיקייט פון די אנשי כנסת הגדולה און פון די „סופרים".

דער כנסת הגדולה אינסטיטוט איז געקומען שפּעטער אין אידישן לעבן, ווי דער סופרים אינסטיטוט. דער סופרים אינסטיטוט האָט זיך אָנגעהויבן פאָרמירן אין אידישן לעבן נאָך אין בבל דאָן, ווען דער כנסת הגדולה אינסטיטוט איז אויסגעוואקסן אין ארץ ישראל. און טראָץ דעם, וואָס אי די סופרים און אי די אנשי כנסת הגדולה האָבן צום אייגענעם און זעלבן ציל געשטרעבט — דאָס גאנצע אידישע לעבן באַזירט אויף די פאָרשריפטן פון דער תורה צו זען, זיינען דאָך אָבער די פונקציעס זייערע פארשידן געווען. און עס איז דעריבער א טעות צו דענקען אז די טערמינען סופרים און אנשי כנסת הגדולה זיינען היינו הך, אז זיי זיינען נאָר ווערטער פארשידענע, מיט וועלכע עס ווערט נאָר איין באגריף באצייכנט. עס איז אמת אפילו אויך דאָס, אז אייניקע גרויסע פערזענלעכקייטן האָבן אויף זייער קאָפּ ביידע קרוינען געטראָגן: זיי זיינען סופרים געווען און זיי זיינען אויך געווען מיטגלידער פון דער כנסת הגדולה. אויך די טעטיקייט אָבער

זייערע איז א צווייפאכיקע געווען. זייער טעטיקייט אלס סופרים איז פון אן אנדער כאַראַקטער געווען, ווי עס איז געווען זייער טעטיקייט אלס מיטגלידער פון דער כנסת הגדולה.

די סופרים זיינען געווען די לערער און דערציער פון פאָלק, און אין באַצוג צו געזעצגעבונג זיינען זיי געווען די טעאָרעטישע פאָרשער פון דער תורה, אירע אויסטייטשער און דערקלערער. די אויפגאַבע, וואָס זיי האָבן געהאַט אויף זיך, איז געווען ניט נאָר צו לערנען תורה מיט דעם פאָלק, צו מאַכן פאָפולער די פאָרשריפטן אירע פאַר די אידישע מאַסן, נאָר אויך אויסצוגעפינען דעם ריכטיקן מיין פון דער תורה אין די ערטער, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין דעם. פאַרענטפערן די אַלערליי סתירות, וואָס געפינען זיך אין דער תורה, קלאָר מאַכן אין איר אַלערליי אומפאַרשטענדלעכקייטן און פאַרענטפערן אַלערליי פראַגן, וואָס קענען ענטשטיין אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אדער יענער שטעלע פון דער תורה, אַרויספירנדיק פון דעם אַלעם די אַלע פּראַקטישע שלוסן בנוגע דעם, ווי אַזוי די אדער יענע פאָרשריפטן דאַרפן לויט זייער — פון די סופרים — מיינונג נאָך, אָנגעווענדט ווערן, ווי אויך בנוגע דעם, וואָס פאַר אַ נייע תקנות מען דאַרף איינפירן כדי עס זאָל דורך זיי אַ סייג לתורה געמאַכט ווערן, כדי צו באַוואָרענען דורך זיי, עס זאָלן די אָריגינעלע פאָרשריפטן פון דער תורה, ווי געהעריק אָפּגעהיט ווערן — דאָס אַלעס איז זייער אויפגאַבע געווען, און זיי האָבן אויף דעם אַלעם דעם אָנערקענטן אויטאָריטעט געהאַט. ווייטער פון דעם אַלעס איז שוין אָבער זייער אויטאָריטעט ניט געגאַנגען. דערויף אַז זייערע טעאָרעטישע אויפטואונגען זאָלן אין געזעצן פאַרוואַנדלט ווערן, איז נויטיק געווען די סאַנקציעס פון דער כנסת הגדולה. אָן דער סאַנקציע פון דער כנסת הגדולה האָבן זייערע תקנות און אויסטייטשונגען קיין קראַפט ניט געהאַט. נאָר די מיטגלידער פון דער כנסת הגדולה זיינען עס געווען די, וואָס האָבן געהאַט די מאַכט צו פאַרוואַנדלען די באַשליסע און תקנות פון די סופרים אין געזעצן. אפילו די סופרים, וואָס האָבן באַלאַנגט צו דער כנסת הגדולה האָבן ניט געקענט — נאָר אַלס סופרים — געבן רעכטגילטיקייט צו זייערע דעפינאַנציאַנען בנוגע דעם, ווי אַזוי די פאָרשריפטן פון דער תורה דאַרפן דורכגעפירט ווערן אדער צו די נייע תקנות, וואָס זיי האָבן מתקן געווען. דאָס אַלעס האָבן זיי געקענט

טאָן נאָר אלס מיטגלידער פון דער כנסת הגדולה און אין חברותא־שאפט מיט די איבעריקע מיטגלידער פון דער דאָזיקער קערפּערשאפט.

די סופרים, אלזא, זיינען געווען די וואָס האָבן געמאכט די געזעצן, און די אנשי כנסת הגדולה זיינען געווען די וואָס האָבן די אָפּיציעלע סאנקציע געגעבן די דאָזיקע געזעצן.

דאָס פארהעלטניס, שרייבט רבי אייזיק הירש ווייס, צווישן דער כנסת הגדולה און די סופרים איז געווען אומגעפער אזוי ווי היינטיקע צייטן צווישן א געזעצגעבערישער קערפּערשאַפט, צום ביישפּיל, א פּאַרלאַמענט, און געלערנטע עקספּערטן. די געזעצגעבערישע קער־פּערשאפט שטעלט אָן צייטנווייז ספּעציאליסטן אויף צו שטודירן און בעאורטיילן וויסנשאפטלעך א געוויסע פראגע, איידער זיי נעמען אָן וועגן דעם א געזעץ. פון דער מיינונג, וואָס עס שטעלן צו די ספּע־ציאליסטן הענגט אָפּ דער באשלוס פון די געזעצגעבער. און דאָך זיינען די ספּעציאליסטן ניט מער ווי עקספּערטן. די געזעצגעבער זיינען די, וועמענס באַשטעטיקונג עס פארוואנדלט די צוגעשטעלטע מיינונג אין א געזעץ. דער דאָזיקער פארגלייך אָבער איז ניט איב־גאנצן ריכטיק ווארום, ווי דער לעזער האָט געזען פון דעם וואָס איך האָב פריער געשריבן וועגן די אויפגאבן וואָס די סופרים האָבן גע־האט אויף זיך, וועגן דעם כאַראַקטער פון זייער טעטיקייט, האָבן זיי — די סופרים, כלל ניט געשפּילט די ראָלע פון צופעליקע בעאורטיי־לער, פון בלויז א מיינונג געבן, פון גלאט עקספּערטן, וואָס מען ווענדט זיך צו זיי נאָר אין אויסנאמס פעלע, פון צייט צו צייט נאָר. דער ענין פון געזעצגעבונג איז ניט געווען קיין צופעליקער מאָמענט אין זייער טעטיקייט. דאָס איז דער גאנצער אינהאלט פון זייער טעטיקייט געווען. נאָכמער: זיי זיינען אויך די איינציקע געזעצגעבער געווען. וואָס זיי האָט געפעלט איז נאָר די עקזעקוטיווע מאכט. נאָר א געוויסע ענד־גילטיקייט האָט געפעלט די געזעצן, וואָס זיי האָבן אָנגענומען, די פּאָר־מאָלע סאנקציע פון די מיטגלידער פון די אנשי כנסת הגדולה. די פארהעלטניס צווישן דער כנסת הגדולה און די סופרים איז דעריבער מער ענלעך צו דער פארהעלטניס, וואָס עקזיסטירט צווישן דער אויי־בערשטער פּאלאטע און דער אונטערשטער פון דעם אייראָפּעאישן פּאַרלאַמענט, צווישן דעם רעפּרעזענטאנט הויז און דעם סענאט פון אונזער קאָנגרעס, מיט דעם אונטערשיד נאָך, וואָס פילע מיטגלידער

פון דער כנסת הגדולה קערפּערשאַפט זיינען אויך סופרים געווען, ווי אויך דערמיט נאָך, וואָס די מיטגלידער פון דער כנסת הגדולה האָבן פיל ווייניקער — אדער גאָר אינגאנצן ניט — פאַרוואָרפן די אָנגענומענע באַשליסע פון די סופרים, ווי די מיטגלידער פון איין פאַרלאַמענט פּאַלאַטע, פון איין קאָנגרעס הויז טוען עס אין באַצוג צו די געזעצן, וואָס ווערן פון די מיטגלידער פון דער צווייטער פּאַלאַטע, פון צווייטן קאָנגרעס הויז אָנגענומען. די פאַרהעלטניס, וואָס האָט עקזיסטירט צווישן די סופרים און די אנשי כנסת הגדולה האָט א גרויסע ענלעכקייט צו דער פאַרהעלטניס, וואָס עקזיסטירט צווישן די אויבנדערמאָנטע צוויי מינים געזעצגעבנדע קערפּערשאַפטן, טראָץ דעם, וואָס די דאָזיקע אָט ערשט דערמאָנטע צוויי באַזונדערע קערפּערשאַפטן זיינען אָפּהענגיק*) איינע פון דער צווייטער אין ענין פון ענדגילטיקייט צוגעבן צו די געזעצן וואָס ווערן פון זיי געשאַפן, דאַן ווען אין ערשטן פאַל איז די ענדגילטיקייט פאַר די געשאַפענע געזעצן אינגאַנצן אָפּהענגיק געווען פון דער כנסת הגדולה—דורך דעם, וואָס פּונקט ווי די לעצטע באַשעפטיקן זיך אין א גלייכער מאָס מיט שאַפן געזעצן פאַר דעם פאָלק, אין לעבן פון ועלכן זיי פונקציאָנירן, אזוי האָבן זיך מיט דעם אויך די סופרים און די אנשי כנסת הגדולה אין א גלייכער מאָס באַשעפטיקט.

און נאָך מער ריכטיק וועט די אנאלאָגיע זיין, ווען מיר וועלן פאַרגלייכן די פאַרהעלטניס צווישן די סופרים און די אנשי כנסת הגדולה צו דער פאַרהעלטניס, וואָס האָט עקזיסטירט צווישן דער „גאָסודארסטווענע דומע" און „גאָסודארסטווענע סאָוועט" אין רוסלאַנד אָדער צווישן דעם קאָנגרעס און פּרעזידענט. די ענדגילטיקייט פון די געזעצן, וואָס ווערן אָנגענומען אין קאָנגרעס, איז אָפּהענגיק פון פּרעזידענט, ווי די ענדגילטיקייט פון די געזעצן, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן אין דער דומא אין רוסלאַנד איז אָפּהענגיק געווען פון „גאָסודארסטווענע סאָוועט". אויך דאָ אָבער איז די אנאלאָגיע ניט אינגאנצן גענוי, אינגאנצן אויסגעהאלטן. עס זיינען אויך דאָ אייניקע

*) וואָס אמבאלאנגט ענגלאנד, זיינען די „לאָרדן" אין די לעצטע יאָרן געשטעלט געוואָרן פאַקטיש פיל נידעריקער פון זייערע חברים, די ניט „לאָרדישע" געזעצגעבער, אין זייערע רעכט און פּריווילעגיען אלס געזעצגעבער.

„יוצא דופנס" פאראן — פון פאָזיטיוון ווי אויך פון נעגאטיוון כאַראַק־טער. די טעטיקייט פון גאָסודארסטווענע סאָוועט, למשל, איז ניט פון א איניציאַטיוון כאַראַקטער געווען. זי איז באַשטאַנען נאָר אין דעם — די געשאפענע געזעצן וועטאאירן אָדער סאנקציאָנירן. אויך די געזעצגעבערישע טעטיקייט פון אונזער פּרעזידענט איז אין דעם גאָר גרעסטן פּראָצענט אירן פון אזא כאַראַקטער. דאן ווען די געזעצ־געבערישע טעטיקייט פון די אנשי כנסת הגדולה איז, ווי די טעטיקייט פון די סופרים, אויך פון איניציאַטיוון כאַראַקטער געווען. אויסער דעם איז דאָ אַן אונטערשיד נאָך אין אנדערע פּרטים. עס איז אבער דאָס אלעס ניט וויכטיק פאר דעם ענין, וואָס מיר באַשפּרעכן דאָ, עס איז דעריבער ניט נויטיק זיך ארייננלאָזן אין אזוינע דעטאַלן.

אויב אָבער די סופרים זיינען פאָלקאָם אויטאָריטעטיוו געווען אין זייער טעטיקייט אלס די אויסטייטשער און דערקלערער פון דער תורה, אלס געזעצגעבער און רעליגיעזע פירער פון אידישן פאָלק, און די אלע תקנות זייערע און דעפיניציאָנען בנוגע די פאָרשריפטן פון דער תורה זיינען אָפּהענגיק געווען מיט זייער רעכטגילטיקייט פון די אנשי כנסת הגדולה נאָר אויף אזוי פיל, אויף וויפיל זיי האָבן באדארפט האָבן זייער אָפיציעלע סאנקציע, איז דאָך אָבער זייער טעטיקייט אין אלגעמיין אונטער די השגחה פון די אנשי כנסת הגדולה געשטאַנען.

אלס די הויפט פאָרשטייער פון אידישן פאָלק, שרייבט ווייס, פלעגן זיי געבן די סופרים געוויסע אינסטרוקציעס, ווי אזוי זיי זאָלן פירן זייער טעטיקייט און וואָס פאר א צוועקן זיי זאָלן האָבן פאר זייערע אויגן. צו אזעלכע אינסטרוקציעס געהערט אויך דער מאמר פון פרקי אבות — פרק א׳ משנה ב׳*) — באטראכט געלאסן און פאָר־זיכטיק א דין, זייט מעמיד תלמידים פיל, און מאכט א סייג צו דער תורה". פון דעם אינהאלט איז קלאָר, אז דער דאָזיקער מאמר איז געווענדט ניט צום פאָלק, ווייל ניט דאָס גאנצע פאָלק האָט צו טאָן מיט אזעלכע זאכן, ווי באטראכטן א דין, ארייננקריגן תלמידים אדער מאַכן א גדר. מיט די ווערטער האָבן די אנשי כנסת הגדולה געהאט דאָ אין זינען נאָר די געלערנטע, די סופרים אדער „מבינים", דאָס זאָל ביי זיי דינען אלס ריכטשנור און מאָסשטאָב פאר זייער טעטי־

*) ווייטער וועט אונז אויסקומען צו ברענגען רבי זכריהו פראנקעלס אויס־טייטשונג בנוגע דעם דאָזיקן מאמר.

קייט, דער מאמר ענטהאלט אין זיך די וויכטיקסטע כללים, וואָס זיינען געווען נויטיק אויף צו דערגרייכן דאָס ציל, וואָס די סופרים האָבן פאר זייערע אויגן געהאט.

פונקט, ווי די אלע ענינים, וואָס ווערן אין תלמוד צו די סופרים צוגעשריבן ווערן זיי אויף דעם נאָמען פון דעם גאנצן קאָלעקטיוו גערופן, און מיר געפינען קיינמאָל ניט, עס זאָל ווער פון זיי פון די סופרים — ביים נאָמען דערמאָנט ווערן, אדער, עס זאָל עטוואָס פון די אלע „דברי סופרים" וואָס ווערן אין תלמוד געבראכט, אינדיוויד־דואליזירט ווערן, עס זאָל צו א געוויסער, איינצעלנער פערזאָן פון די סופרים צוגעשריבן ווערן, אזוי איז אויך בנוגע די מיטגלידער פון דער כנסת הגדולה, וועלכע האָט זיך איבער א משך פון זיבן דורות געצויגן, האָבן מיר ניט דערמאָנט אין תלמוד קיין איין נאָמען אפילו, אויסער דעם נאָמען פון שמעון הצדיק, וועלכער איז פון די „שיירי כנסת הגדולה" געווען, פון די גרויסע אידישע פערזענלעכקייטן, פון וועלכע עס איז אין די פילע דורות די כנסת הגדולה באשטאנען. די אור־זאכע דערפון איז דאָס, וואָס די טעטיקייט פון די סופרים און די אלע פארשידענע פארצווייגטע ענינים אירע איז, ווירקלעך, אין עצם עיקר אירן פון א קאָלעקטיוון כאראַקטער געווען. עס האָט אין יענער עפּאָכע נאָך קיינער פון די אידישע חכמים ניט גענומען זיך דאָס רעכט, א מעמיד על דעתו זיין. עס איז דאן נאָך אין די אידישע אַקאַדעמיע קיין באַדן ניט געווען פאר חלוקי דעות שארפע אין דעם שטודיום זייערן איבער די פאַרשריפטן פון דער תורה. אלעס וואָס איז אויפגעטאָן געוואָרן אויף דעם געביט פון דעפינירן, באַשטימען דאָס געזעץ אָדער אויף דעם געביט פון נייע תקנות מתקן זיין, איז אלס קאָלעקטיווער אַקט געטאָן געוואָרן. אין זייערע צוזאַמענקונפטן, מיט דעם שטודירן פון דער תורה זיך צו באשעפטיקן אין די ישיבות זייערע, זיינען זיי — די סופרים — צו אַט יענע אלע „דיוקי תורה" קאָלעקטיוו צוגעקומען. אויף די פאַרזאַמלונגען, וואָס די מיטגלידער ווידער פון דער כנסת הגדולה האָבן אָפּגעהאלטן, צו שליכטן די אלע פאַרשידענע רעליגיעזע און סאָציאַלע פראַגן, וואָס זיינען אויף דער טאָגעס אָרדנונג אין אידישן לעבן געשטאַנען, איז קאָלעקטיוו רעכט־גילטיקייט געגעבן געוואָרן צו די אלע אויפטואונגען, וואָס די סופרים האָבן אויף דעם געביט פון אויסטייטשן די תורה אדער אויף דעם

געביט פון א סייג לתורה מאַכן מחדש געווען. איבער דעם וועג זייערן, איבער וועלכן זיי זיינען געגאַנגען אויף די אויבנדערמאָנטע פאַר־זאַמלונגען זייערע, געוויסע אויסבעסערונגען אין סאָציאַלן לעבן פון אידישן פאָלק אריינגעטראָגן, צו געבן וואָגיקייט, פארברייטערונג צו דעם רעליגיעזן עלעמענט פון זיין לעבן, מאַכן אים מער פייערלעך, מער ארומנעמענד, זיינען זיי די סופרים און די אנשי כנסת הגדולה — קאָלעקטיוו צו די אלע תקנות זייערע, וואָס זיינען פון סאָציאַלן כאראק־טער געווען אָדער, וואָס האָבן צום אידישן ריטואַל באַלאַנגט, צו־געקומען.

מעגן זיך אפילו צווישן די אָדער יענע דיוקי סופרים אויך גע־פינען אזעלכע, וואָס זיינען דער אינדיווידועלער אויפטו פון יחידים געווען, מעג זיין, אז אויך צווישן די תקנות פון די אנשי כנסת הגדולה געפינען זיך אזוינע, וואָס די איניציאטאָרן זייערע זיינען יחידים געווען; היות אָבער דער אינדיווידועלער כאַראַקטער פון דעם אלעם אפילו איז באַשטאַנען נאָר אין דעם אליין טאַקע, וואָס די איניציאַטיווע בנוגע זיי זיינען פון יחידים געקומען, וואָס זיי זיינען דורך איינצלנע פער־זאָנען אין לעבן אריינגעבראכט געוואָרן, אבער ניט אין דעם, וואָס זיי האָבן מצד אנדערע א קעגנערשאפט באגעגנט, היות אויך זיי האָבן דעם הסכם כולם געמוזט האָבן, וואָרום זיי האָבן ניט קיין אחיזה אין אידישן לעבן געקענט דערווערבן, ביז זיי האָבן ניט די קאָלעקטיווע סאַנקציע פון דער כנסת הגדולה קערפערשאפט געהאט — מוזן דערי־בער אויך אָט די אלע אויפטואונגען פון יחידים אלס א קאָלעקטיווער אַקט באַטראַכט ווערן.

און דעריבער איז עס, ווי מיר האָבן אויבן געשריבן, וואָס עס זיינען אונז ניט פארבליבן פון יענער צייט די נעמען פון די פּרטים, וואָס האָבן דעם קאָלעקטיוו פאָרמירט, כאָטש אייניקע נעמען פון מיטגלידער פון די סנהדרין אָדער פ ון די גרויסע פאָלקס־לערער וואָס ווערן אלס סופרים באַצייכנט; אויך ווערן קיינמאָל ניט קיינע פון די מצוות, קיינע תקנות, וואָס זיינען אונז פארבליבן פון יענער צייט, אָנגעגעבן אויף דעם נאָמען פון יחידים.

די גראַנדיעזע בויאונג פון אינערלעכן אידישן לעבן איז א קאָ־לעקטיווע אקציע דאָן געווען. פון איין זייט א קאָלעקטיווע אָנשטרענגונג פון גאנצן פאָלק, זיי זאָלן אין זייער לעבן אלעס, וואָס זייערע לערער

האָבן געלערנט פאַרווירקלעכן, פון דער צווייטער זייט די קאָלעקטיווע טעטיקייט אויף דעם רעליגיעזן ווי אויך סאָציאַלן געביט פון די פאַרשטייער פון פאָלק, פון די רעליגיעז־סאָציאַלע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן דעם קאָנטראָל איבער דעם אידישן לעבן דאַן געהאַט. זי איז אַ קאָלעקטיווע אקציע געווען, און אלס אזעלכע איז זי אויך אין זכרון פון פאָלק, אין דער געשיכטע זיינער געבליבן. האָבן געמעגט איינציקע פּרטים פון כלל, איינציקע יחידים פון קאָלעקטיוו מיט זייערע גרויסע טאַטן אין יענער עפּאָכע זיך אויסצייכענען, איז דאָך אָבער זייער טעטיקייט אנאָנים געבליבן, איז זי דאָך אויף דעם נאָמען פון דעם גאַנצן קאָלעקטיוו, אַ טייל פון וועלכן זיי זיינען געווען, גערופן גע־וואָרן, ווארום ווי וויכטיק זייער טעטיקייט איז ניט געווען, ווי גרויס און וויכטיק אויך זיי אליין זיינען ניט געווען, זיינען זיי דאָך ניט מער. ווי אַנגעהעפטע רינגעלעך אין אַ גאַנצער קייט אַ גרויסער געווען, איז דאָך די וויכטיקייט פון זייער טעטיקייט פאַרשלונגען געוואָרן פון דער וויכטיקייט פון דער קאָלעקטיווער טעטיקייט פון דעם גאַנצן קאָ־לעקטיוו.

---

די פונקציע פון דער כנסת הגדולה איז, אלזא, געווען סאַנקציע און אויטאָריטעט צו געבן צו דעם אלעם, וואָס די פאָלקס־לערער פון אידישן פאָלק האָבן מחדש געווען אויף דעם געביט פון טעאָרעטישער פאַרשונג אין דער תורה, אויטאָריטעט און סאַנקציע צו געבן צו די אלע דיוקי מצוות און סייגי מצוות, וואָס די סופרים האָבן מחדש געווען. עס איז איר אויפגאַבע געווען צו זען, צו געבן די גילטיקייט פון געזעץ צו די אלע אויפטואונגען פון די פאָלקס־לערער, צו זען, אז זייערע אָנגענומענע באשליסע זאָלן אין לעבן דורכגעפירט ווערן. עס איז זייער אויפגאַבע געווען מער באַצירונגען צו געבן צום רעליגיעזן צערעמאָניאַל פון אידישן פאָלק, מער רייכער, אימפּאָזאַנטער אים צו מאכן, ווי אויך פילע תקנות מתקן זיין, וועלכע זאָלן ברענגען מיט זיך סאָציאַלע פאַרבעסערונגען אין דעם מאַטעריעלן צושטאַנד פון פאָלק. די כנסת הגדולה איז דער העכסטער אויטאָריטעט געווען אין אידישן לעבן; אונטער זיין קאָנטראָלירנדער מאכט איז דאָס גאַנצע לעבן פון פאָלק געשטאַנען.

דערמיט דערקלערט זיך, וואָס די חכמי התלמוד באנוצן זיך מיט

א באזונדער טערמינאָלאָגיע, ווען עס קומט זיי אויס וועגן דער גייס־טיקער טעטיקייט פון די סופרים און די אנשי כנסת הגדולה צו רעדן. די אלע אויפטואונגען פון די סופרים ווערן פון זיי אלס דברי סופרים גערופן. מיר געפינען אָבער אין ערגעץ ניט, אז די חכמי התלמוד זאָלן זיך מיט דעם וואָרט תקנה באנוצן, ווען זיי רעדן פון די אויפטו־אונגען פון די סופרים. ווארום דאָס וואָרט תקנה שליסט אין זיך איין דעם באגריף פון רעכטגילטיקייט, וואָס דאָס האָט זיך שוין ניט פון די סופרים געווענדט, נאָר פון די אנשי כנסת הגדולה. דעריבער באנוצן זיי זיך ווידער ניט מיט קיין אנדער אויסדרוק אויסער מיט דעם אויסדרוק „תקנו", זיי האָבן מתקן געווען, ווען זיי רעדן וועגן די אויפטואונגען פון די אנשי כנסת הגדולה.

און ווי מיר האָבן שוין געשריבן, זיינען זייערע — פון די אנשי כנסת הגדולה — תקנות פון פארשידענעם כאראַקטער געווען, פון סאָציאלן און רעליגיעזן. און זיי האָבן זיך ווידער געטיילט אויף אזוינע, וואָס די מאָטיוון, וואָס האָבן זיי צום לעבן ארויסגערופן, זיינען אין זיי אליין — אין די תקנות — געווען, מען האָט זיי אין זיך אליין אלס נוצלעכע און גוטע איינפירונגען באטראכט, און אויף אזוינע, וואָס דער גאנצער צוועק זייערער איז געווען אויסצובעסערן א געוויסן קלקול, וואָס עס איז ארויסגעקומען פון א פריערדיקן געוויסן מנהג.*)

רבי נחמן קראָכמאל טיילט אָפּ פון אנדערע די אלע אויפטואונגען פון די אנשי כנסת הגדולה און די איינפירונגען, וואָס ווערן צוגעשריבן צו אנדערע קאָלעקטיוון אָדער יחידים, וואָס דער תלמוד באנוצט זיך מיט דעם וואָרט „תקנו", ווען ער רעדט וועגן זיי.*) ווען זיי ריידן — מיינט קראָכמאָל — וועגן תקנות, מיינען זיי די לעצטע קאַטעגאָריע, וואָס איך האָב אָט ערשט דערמאָנט. און ווען זיי ריידן וועגן תיקונים, מיינען זיי די ערשטע תקנות־קאַטעגאָריע.

---

*) אייניקער מאסן זיינען די דאָזיקע תקנות א מין אויסבעסערונג, לויט די פאָדערונגען פון דער צייט, פון א שוין לאנג עקזיסטירענדן דין... עס זיינען צווישן זיי פאראן אויך אזוינע, וואָס זיינען גאָר אין גאנצן קעגן דעם דין.

*) ועל דרך זה בעצמו נאמר על ענין התיקונים שבא בדבר חז"ל: ותחלה נעיר שיש להפריש בין תקונים לתקנות שבא כמו כן בדבריהם: שאלה הם לתקן איזה קלקול שהגיע ממנהג הקודם ונתחדשה תקנה לפי הזמן. והפעל ממנו התקין. אולם התיקון הוא יסוד והנהגה טובה בעצמה לא בשביל הקלקול שקדם לו והפעל ממנו תיקן (מורה נבוכי הזמן, שער י"ג, אם למסרות).

יב

# די תקנות פון די אנשי כנסת הגדולה

די באַדייטונג פון דעם מאמר „הוו מתונים בדין", וואָס ווערט אין „פרקי אבות" אויף דעם נאָמען פון די אנשי כנסת הגדולה אָנגעגעבן. — די פילע תקנות, וואָס ווערן פון די חז"ל צו די אנשי כנסת הגדולה צוגעשריבן. — די מסורה פון די חז"ל, אז די תפלות האָבן די אנשי כנסת הגדולה מתקן געווען. — די גוואַלדיק הויכע מדרגה, אויף וועלכער עס איז דער ענין פון תפלה געשטאַנען ביי די גולים און ביי די דורות, וואָס זיינען באלד נאָך דעם גולים דור געקומען.

אויב מען קען אבער מיט פולער זיכערקייט ריידן אין אלגעמיין וועגן דער פיל פארצווייגטער טעטיקייט פון די אנשי כנסת הגדולה אויף דעם פעלד פון דער סאָציאל־רעליגיעזער קולטור פון אידישן פאָלק אין יענער עפּאָכע, קען מען אבער דאָך ניט אַן אויספירלעך דעטאליזירט בילד געבן וועגן דעם, וואָס זיי האָבן אויפגעטאָן אויף דעם דאָזיקן געביט. ווארום נאָר אין אלגעמיינע שטריכן איז אונז איבערגעבליבן דער אינהאלט פון דער טעטיקייט, וואָס זיי האָבן אָנגעפירט. עס פעלן אונז אבער די אלע באזונדערע פרטים, וואָס האָבן דעם ברייטן שטח פון דעם פעלד פון זייער ארבעט פארמירט.

אויסער דעם איינציקן לערזאַץ, וואָס מיר האָבן אין א פריערדיקן קאפיטל געבראכט, דעם לערזאַץ: „הוו מתונים בדין, העמידו תלמידים הרבה ועשו סייג לתורה", אויסער דעם דאָזיקן לערזאַץ, וואָס גייט דירעקט אויף דעם נאָמען פון די אנשי כנסת הגדולה זיינען אונז פון זיי קיינע אנדערע לערזאצן ניט געבליבן, וואָס זאָלן אונז געבן די מעגלעכקייט צו באקענען זיך מיט דעם גלויבן זייערן און מיט זייערע

אָנשויאונגען אלס די טרעגער פון דעם העכסטן אויטאָריטעט אין אידישן לעבן, אלס די העכסטע פאָרשטייער פון אידישן פאָלק, דורך וועלכע עס זאָל פאַר אונז קענען דורכגעלויכטן ווערן דער אינהאַלט פון זייער אינערלעכער וועלט. ווארשיינלעך זיינען פאַראַן צווישן די טייערע פערל, וואָס געפינען זיך אין אונזערע אלטע קולטורעלע אוצרות, פילע אזוינע, וואָס זיינען אונז בירושה געבליבן פון מאנכע פון די אנשי כנסת הגדולה. צוליב די אורזאכן אָבער, וואָס איך האָב אָנגעגעבן אין פאָריקן קאפיטל, איז זייער נאָמען אָפּגעפרעמדט געבליבן פון דעם, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט נאָך זיך. אין יענער עפּאָכע פון קאָלעק־טיוון שאפן, פון קאָלעקטיווער דערהויבונג, האָט מען דאָס פאַר וויכטיק געהאַלטן צו פאַראייביקן אין זכרון פון פאָלק דאָס וויכטיקע, וואָס איז דאַן געזאָגט געוואָרן, אָבער ניט דעם נאָמען פון דעם, וואָס האָט דאָס וויכטיקע געזאָגט. און מעגלעך, אז עס וואָלט אונז אויך אָט יענער איינציקער לערזאַץ, וואָס איז אויבן דערמאָנט געוואָרן, ניט פאַרבליבן, ווען ער וואָלט אין זיך קיין היסטאָרישן מאַטעריאַל ניט ענטהאַלטן. ער איז געבליבן גיין אויף דעם נאָמען פון די אנשי כנסת הגדולה, ווייל אין אים זעען מיר דעם גאַנצן כאַראַקטער פון זייער טעטיקייט, די הויפּט פרינציפּן, וואָס זי האָט באַזירט אויף זיי, די צוועקן, וואָס זיי האָבן פאַר זיך געהאַט שטענדיק. דאָ האָבן מיר פאַר זיך ניט גלאַט אזוי א מאמר, אָן עפּיגראַם א געוויסן. דער דאָזיקער מאמר ענטהאַלט אין זיך א קלאָר בילד וועגן א שיטה א גאַנצער פון פאָרשטייער פון פילע דורות, לויט וועלכער זיי האָבן זייער טעטיקייט אָנגעפירט. ער גיט אונז א בילד דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון זייער טעטיקייט אין דער אויסגעהאַלטענער שיטה, לויט וועלכער זיי זיינען מיט זייער אַרבעט אָנגעגאַנגען. אויב אָבער אין באַצוג צו דעם, וואָס די אנשי כנסת הגדולה האָבן געפּריידיקט און געלערנט אין די ענינים פון אמונות ודיעות און מוסר ומדות, איז אונז נאָר אָט יענער אויבנדער־מאָנטער מאמר געבליבן, וואָס גייט דירעקט אויף זייער נאָמען, שטייט די זאַך שוין אין גאַנצן אַנדערש אין באַצוג צו זייערע פּראַקטישע אויפ־טואונגען אויף דעם רעליגיעזן, סאָציאַלן און קולטורעלן פעלד פון אידישן לעבן, אין באַצוג צו די אַלע פון סאָציאַלן און רעליגיעזן כאַראַקטער איינפירונגען, וואָס זיי האָבן אריינגעבראַכט אין אידישן לעבן.

אמת, מען באדארף דענקען, אז אייניקע פרטים פון אונזער פאר אזויפיל דורות שוין פאלשטענדיק פארמירטן רעליגיעזן ריטואל, אז אייניקע נארמען פון אונזער דת רעגלאמענט זיינען די אויפטואונגען פון די אנשי כנסת הגדולה געווען, כאטש עס ווערט ניט זייער נאמען אויף זיי גערופן. פון דער צווייטער זייט ווידער באדארף מען אויך דענקען, אז צווישן די אלע פארשידענע תקנות, וואס ווערן פון די חז״ל צו די אנשי כנסת הגדולה אדער צו די סופרים צוגעשריבן, געפינען זיך אויך אזוינע, וואס מען קען אפשר זיי באטראכטן פאר א פראדוקט פון א שפעטערער צייט. מיר טאפן אבער דאך ניט גאר אינגאנצן אין דער פינצטער, בנוגע זייערע אויפטואונגען אויף דעם דאזיקן גע־ביט, ווי עס איז דער פאל מיט אונז בנוגע די ענינים, וועגן וועלכע איך האב פריער גערעדט. פארקערט נאך. די ידיעה אונזערע בנוגע די דאזיקע אלע ענינים איז אין דער בחינה פון „חמתה מרובה מצלתה״. די העל באלויכטענע פונקטן איבער דעם שטח פון די דאזיקע ענינים זיינען מער פאר אונז, ווי די באשאטענדע, מיט נעפל באצויגענע. די פרטים, וואס זיינען אונז קלאר בנוגע דער טעטיקייט פון די אנשי כנסת הגדולה, וואס באלאנגען צום אויבן באשפראכענעם אינהאלט, זיינען מער פון די, וואס זיינען אונז אומבאוואוסט. ווי גרויס עס זאל ניט זיין אונזער צווייפל בנוגע צו מאנכע פון די תקנות, וואס ווערן פון די חז״ל צוגעשריבן צו די אנשי כנסת הגדולה, צי זיי זיינען, ווירקלעך דער אויפטו פון די לעצטע, איז דאס אבער דאך זיכער, אז אין דעם גאר גרעסטן טייל זייערן זיינען די אלע זאכן, וואס ווערן פון די חז״ל אלס תקנות פון די אנשי כנסת הגדולה באצייכנט ווירקלעך, זייער אויפטו געווען.

און צו אט דער קאטעגאריע פון אויפטואונגען באלאנגט אויך דער ענין פון תפלה. עס איז גאר קיין צווייפל ניט, אז די מסורה, וואס די חכמי התלמוד האבן אונז איבערגעגעבן, אז „תפלות אנשי כנסת הגדולה תקנום״, איז אין אלע הונדערט פראצענט אירע היסטאריש אמת, אויף ווי ווייט עס רעדט זיך אין איר וועגן דער תפלה פון שמונה עשרה, אין באצוג צו דעם פעסטגעשטעלטן נוסח, אין וועלכן מיר האבן זי פאר זיך. עס איז קיין גרונד ניטא דערפאר, מיר זאלן זיך פאר־שטעלן, אז דער ענין פון תפלה, וועלכער איז אויפאט אזא הויכער מדרגה געשטעלט געווארן אין לעבן פון אידישן פאלק נאך דעם

חורבן פון בית ראשון, ווען דאָס אידישע פאָלק האָט אָנגעוואוירן די מעגלעכקייט אויסדרוק צו געבן צו דעם רעליגיעזן געפיל זיינעם דורך קרבנות ברענגען צו גאָט; וואָס איז אָט אויף אזא הויכער מדרגה געשטעלט געוואָרן אין לעבן פון אידישן פאָלק שוין אין דער ערשטער תקופה פון גלות בבל צוליב דער גרויסער מדרגה פון רעליגיעזער רייפקייט, צו וועלכער דאָס אידישע פאָלק האָט דאַן דערגרייכט, צוליב דעם, וואָס דאַן האָבן זייער אידיאַלע פארווירקליכונג געקראָגן די אַלע שטרעבונגען פון די נביאים, צו זען דאָס אידישע פאָלק פון געלייטערטע רעליגיעזע אנשויאונגען דורכ־געדרונגען; עס איז זיך שווער פאָרצושטעלן, אז דער ענין פון תפלה, וועלכער איז געווען שוין אין דער גאָר ערשטער צייט פון גלות דער פועל יוצא פון דער הויכער ענטוויקלונג, וואָס דאָס רעליגיעזע באַוואוסטזיין האָט דורכגעמאכט אין זיינע אָנשויאונגען וועגן די מיטלען, דורך וועלכע מען דארף די צוגעבונדנקייט צו גאָט אויסדריקן, האָט אין א משך פון דורות פילע געזאָלט בלייבן אלס אן אקט, פון אינ־דיווידועלן כאַראַקטער, אלס א זאך פון צופעליקייט, וואָס יעדער איינער פירט זי דורך אין זיין אייגענעם באזונדערן נוסח. עס זיינען דאָ אַלע אורזאכן צו דענקען, אז צוליב דעם, וואָס די „עבודה שבלב" האָט אָנגעהויבן אזא גוואלדיק וויכטיקן פלאץ אין לעבן פון אידישן פאָלק צו פאַרנעמען שוין באלד נאָך דעם חורבן בית ראשון, האָט גאָר אין א קורצער צייט שוין געמוזט אויסגעארבעט ווערן א געוויסער תפלה טעקסט פאר אלעמען, א געוויסער נוסח קבוע, וואָס אין אים האָבן זיך די אלע מיטגלידער פון אידישן פאָלק געהאלטן, ווען זיי האָבן זייער הארץ מיט תפלה צו גאָט געווענדט.

און די נויטווענדיקייט דערפון האָט ניט געקענט פארקלענערט ווערן אויך דאַן, ווען דער ענין פון קרבנות איז צוריק איינגעפירט געוואָרן ביי אידן נאָכדעם ווי דער בית שני איז אויפגעשטעלט געוואָרן. פארקערט נאָך. זי האָט נאָך געמוזט דורך דעם פארשטאַרקט ווערן. וואָרום אפילו איצט האָט די עבודת השם דורך תפלה מער חשיבות געהאט אין רעליגיעזן באַוואוסטזיין פון פאָלק, ווי דורך קרבנות. און דעריבער איז אויך אין בית המקדש דער וויכטיקסטער מאָמענט אין דעם גאָטעסדינסט, וואָס איז דארטן געפראַוועט געוואָרן, געווען דער טייל פון איר, וואָס איז באשטאנען פון תפלה. די רעליגיעזע אָנשויאונגען, וואָס די נביאים האָבן אין א משך פון אזויפיל דורות

געפּרעדיקט, אז די עבודת השם קען מען ניט באטראכטן אלס א זאך, וואָס באַדאַרף באפרידיקונג צו גאָט ברענגען. ווארום ער באַדאַרף אויף קיין אופן ניט צו דער הילף פון מענטשן אָנקומען, נאָר זי דארף זיך אויסדריקן אין אזויבע פאָרמען, דורך וועלכע דער מענטש זאָל פאַר זיך זיין אייגענע באַפרידיקונג ברענגען, ער זאָל דורך זיי אויס־דרוק געבן צו די שטאַרקע רעליגיעזע געפילן, וואָס איבערוועלטיקן אים, צו מיסטעריעזער גאפונג, וואָס לעבט אין אים פאר דער גאָטהייט, האָט דאן שוין צופיל טיפע וואָרצלען אין רעליגיעזן באַוואוסטזיין פון אידישן פאָלק געלאָזט, עס זאָל געווען קענען ביי אים דער ענין פון קרבנות ברענגען אויף דער זעלבער הויכער מדרגה שטיין, אויף וועלכער ער איז געשטאנען פאר דער גלות בבל תקופה, עס זאָל געווען קענען געמינערט ווערן די וויכטיקייט פון תפלה ביי אים צוליב דעם, וואָס איז נאָכאַמאָל איינגעפירט געוואָרן די עבודת הקרבנות אין זיין גאָטעסדינסט.

י"ג

# קדמות התפלה

די תקנות פון די אנשי כנסת הגדולה, וואָס האָבן דעם צוועק געהאַט די הייליקייט און וויכטיקייט פון שבת אונטערצושטרייכן. — דער עלטערער טייל פון אונ־זערע תפלות איז אין דער צייט פון די אנשי כנסת הגדולה און דורך די ערשטע פאָרשטייער אירע פאַרפאַסט געוואָרן. — די אכצן ברכות פון דעם שמונה עשרה ביים דאַוונען. — די ברכות פון קריאת שמע און נאָך קריאת שמע. — די תקנות פון „קדוש" און „הבדלה" מאַכן. — דאָס איינפירן צו לייענען יעדן שבת א סדרה, אַ גאַנצע פון דער תורה בצבור און נאָכדעם פאַרענדיקן מיט דעם לייענען א קאַפּיטל פון די נביאים. — דער סדר צערעמאָניאַל. — צוגע־שריבענע תקנות צו די „אנשי כנסת הגדולה".

דער ענין פון תפלה אליזא נאָכדעם, ווי ער איז דורך דעם חורבן פון ערשטן בית המקדש אויף אזא הויכער מדרגה ביים אידישן פאָלק אַוועקגעשטעלט געוואָרן, איז שוין אויף שטענדיק אין דער דאָזיקער דערהויבונג זיינער געבליבן. אפילו נאָכדעם, וואָס דער צווייטער בית המקדש איז שוין אויפגעשטעלט געוואָרן, איז גאָר ניט פון זיין חשיבות אין די אויגן פון פאָלק געמינערט געוואָרן. ניט דאָס מקריב זיין פון די קרבנות אַן און פאַר זיך איז אלס דער עיקר עבודה אין בית המקדש באַטראַכט געוואָרן, נאָר די תפלות, אין דער באַגלייטונג פון וועלכע מען האָט דעם צערעמאָניאַל פון קרבנות ברענגען דורכגעפירט. די תפלה איז דער עיקר געווען אין דער עבודה פון בית המקדש, און די קרבנות זיינען דער טפל געווען. דער בית המקדש האָט איצט פיל מער אָנגעהאַלטן זיין הייליקייט אין די אויגן פון פאָלק נאָר אויף וויפיל ער איז א בית תפלה געווען, ווי אויף וויפיל ער איז א צענטער פון קרבנות ברענגען געווען. דורך דעם וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט אין משך פון דער גלות־בבל־תקופה א גוואַלדיקע הויכע רעליגיעזע אנטוויקלונג דורכגעמאַכט, וואָס די טענדענץ אירע איז געווען ניט נאָר ניט אָפּגעשוואַכט צו ווערן מיט דעם אָנקומען פון די

ווייטערע יאָרן, נאָר פאַרקערט נאָך מער פאַרשטאַרקט ווערן, האָבן די אידן ניט געקענט שוין צושרייבן דעם צווייטן בית המקדש די זעלבע אויפגאבן, וואָס זייערע ברידער האָבן מיט דורות פריער דעם ערשטן בית המקדש צוגעשריבן; האָט דער ענין פון קרבנות ברענגען שוין ניט געקענט האָבן מער ביים אידישן פאָלק די זעלבע חשיבות, וואָס ער האָט ביי זיי מיט פילע דורות פריער געהאַט. אויב דער בית המקדש איז נאָך אויך יעצט ניט ווייניקער ווי פריער ביים אידישן פאָלק פאַרהייליקט געווען; אויב זיין חשיבות איז אויך איצט ניט ווייניקער געווען ביים אידישן פאָלק ווי עס איז ביי אים די חשיבות פון ערשטן בית המקדש געווען, אויב דאָס זעען צוריק דעם בית המקדש אויפגעשטעלט איז געווען פון די צענטראַלע פונקטן אין די גאולה האָפנונגען פון די גולים און די דורות, וואָס זיינען נאָך זיי געקומען, איז דאָס געווען נאָר דערפאַר, וואָס דער בית המקדש איז געווען ביי זיי דער סימבאָל פון פּאָליטישער מאכט, דער סימבאָל פון געפינען זיך אונטער גאָטס שוץ שטענדיק. דער בית המקדש האָט ווירקלעך, איצט פיל מער אָנגעהאַלטן זיין הייליקייט אין די אויגן פון אידישן פאָלק נאָר אלס סימבאָל פון דעם אלעם, אלס צענטער פון פאַראייניקונג, ווי אלס צענטער פון קרבנות ברענגען. און אויב עס זיינען גאָר אינגאַנצן ניט אָפּגעשאַפט געוואָרן די קרבנות אין צווייטן בית המקדש איז דאָס געווען נאָר דערפאַר, וואָס דער ענין פון קרבנות ברענגען איז אין דער אינערטישער קאָנצעפּציע פון די ברייטע שיכטן פון פאָלק אומטיילבאר פון בית המקדש געווען; נאָר דערפאַר, וואָס דער ענין פון קרבנות ברענגען איז דער אינהאַלט פון דעם לעבן פון ערשטן בית המקדש געווען; נאָר דערפאַר, וואָס ער איז אין דעם צווייטן בית המקדש אלס אינערטע ירושה פון דעם ערשטן געבליבן. נאָר דערפאַר ווידער, וואָס אין דער ארומיקער וועלט האָט נאָך דער ענין פון קרבנות ברענגען אַזאַ וויכטיקע ראָלע אין דעם רעליגיעזן לעבן פון די פעלקער געשפּילט. ווי רייף עס איז דעריבער ניט געווען שוין דאַן דאָס רעליגיעזע באַוואוסטזיין פון אידישן פאָלק, וויפיל זיי זיינען שוין ניט איבערגעוואקסן אָט יענע רעליגיעזע באַגריפן, וועלכע דיקטירן צו באטראכטן דאָס קרבנות ברענגען אלס דעם וויכטיקסטן מיטל, דורך וועלכן מען קען זיך אין גאָט באהעפטן, האָבן זיי זיך דאָך ניט געקענט גאָר אינגאַנצן באפרייען פון קרבנות. זיי האָבן

געקענט פאַרוואַנדלען זיי אין אן „עבודה שנתרוקנה מתוכנה״, זיי האָבן אבער ניט געקענט זיי אָפּשאפן אינגאנצן.

און אויף וויפיל די תפלה, איז איבערגעטראָגן געוואָרן איצט, צוליב דעם, וואָס זי איז איצט געוואָרן דער הויפּט אינהאלט פון דער עבודה אין בית המקדש, צוליב דעם, וואָס זי איז געוואָרן איצט, ווען עס איז באנייט געוואָרן די עבודה אין בית המקדש אן אַקט, וואָס איז פון דעם גאַנצן אידישן צבור, וואָס האָט זיך ארום דעם צענטער פון בית המקדש געפונען, דורכגעפירט געוואָרן; אויף וויפיל זי איז צוליב דעם אלעם איבערגעטראָגן געוואָרן איצט אויף דעם פעלד פון ברייטער עפנטלעכקייט, אויף וויפיל זי איז געוואָרן אן אַקט פון אלטעגלעכער אַנגעווענדקייט, האָט זי דאן שוין אודאי ניט געקענט בלייבן א לאנגע צייט אין דער פאָרם פון צופעליקן אינהאלט און צו־פעליקן נוסח. דאָס, וואָס די תפלות זיינען געוואָרן דאן דער שטענ־דיקער וויכטיקסטער טייל פון דער עבודה אין בית המקדש האָט גאָר גיך געמוזט פירן דערצו, עס זאָל אויסגעארבעט ווערן א פעסטגע־שטעלטער סדר תפלה, א נוסח קבוע הן בנוגע דעם אינהאלט און די תפלות און הן בנוגע זייער פאָרם און אָרדנונג.

און אין א גרויסער מאָס האָט עס אויך געמוזט געטאָן ווערן צוליב די איינוואוינער פון דער פּראָווינץ, וואָס האָבן ניט געקענט זיך באטייליקן אין דער עבודה, וואָס איז געפּראַוועט געוואָרן אין בית המקדש אין ירושלים. מען האָט אויך צוליב זיי אליין שוין געמוזט איינפירן א פעסטגעשטעלטן סדר תפלה כדי זיי זאָלן קענען דורכדעם, וואָס זיי וועלן אויף זייערע ווייט פון ירושלים ערטער מתפלל זיין די זעלבע תפלות, וואָס ווערן פאָרגעבעטן אין בית המקדש ביים מקריב זיין די קרבנות, זיך אלס שותפים צום צבור אין ירושלים און דער עבודה זיינער אין בית המקדש זיך באטראכטן; כדי זיי זאָלן האָבן די באַפרידיקונג, אז זיי זיינען ניט אינגאנצן פון דעם רעליגיעזן צע־רעמאָניאל, וואָס ווערט דורכגעפירט אין בית המקדש אין ירושלים, אָפּגעשניטן, אז אויב זיי קענען זיך ניט באטייליקן אין קרבנות ברענ־גען, וואָס קומט טעגלעך פאָר אין בית המקדש, קענען זיי זיך דאָך, אָפּוועזנד אפילו פון ירושלים באטייליקן אין די תפלות, וואָס מען איז דאָרטן מתפלל.

און דעריבער שיינט מיר, אז דער גאָר עלטערער טייל פון אונדזערע

תפלות, איז אין דעם אלגעמיינעם נוסח זיינעם, נאָכדעם, וואָס מיר זאָלען אראָפּנעמען געוויסע קליינע ענדערונגען, וואָס זיינען אין זיי אין די שפּעטערע צייטן אריינגעטראָגן געוואָרן, א פּראָדוקט פון נאָך א פריערער צייט, ווי עס ווערט געוויינלעך אָנגענומען. זיי זיינען איינגעפירט געוואָרן נאָך אין די ערשטע דורות פון די אנשי כנסת הגדולה און אפשר מיט א דור אָדער צוויי נאָך פריער ווי איך וועל ווייטער וועגן דעם רעדן. געוויינלעך גיט מען די הסכמה אויף דער קדמות התפלה נאָר וואָס אמבאלאנגט די ברכות פון דער שמונה עשרה, און אויך דאָס ניט בנוגע צו אלע ברכות, נאָר בנוגע די ערשטע דריי און די לעצטע דריי. און אויסער דעם הויבט זיך אָן ביי זיי — ביי די, וואָס געבן די הסכמה זייערע אויף דער קדמות התפלה — די דאָזיקע קדמות ניט פריער, ווי אין דער צייט פון די לעצטע אנשי כנסת הגדולה.

אין אמתן אָבער איז קיין אורזאכע ניטאָ צו מאַכן וועלכן אונטער־שייד צווישן די ערשטע און לעצטע דריי און די איבעריקע ברכות פון שמונה עשרה. וואָס אמבאלאנגט דעם אינהאלט זייערן איז פונקט, ווי אין די ערשטע אזוי איז אויך אין די לעצטע גאָר ניטאָ אזוינס, וואָס זאָל צווינגען אונדז צו זאָגן, אז זיי מוזן א פּראָדוקט פון א גאָר שפּעטערער צייט באַטראַכט ווערן. פאַרקערט נאָך. ווען מיר נעמען אראָפּ אין גערדאנק פון מאנכע — זייער ווייניק אגב פון די ברכות אייניקע זייער ווייניקע עלעמענטן, וואָס זיינען א פּראָדוקט פון שפּעטערע צייטן, ווען די דאָזיקע ברכות זיינען געענדערט גע־וואָרן אין אנקלאנג מיט די נייע געענדערטע אומשטענדן פון אידישן לעבן, זיינען די דאָזיקע אלע ברכות מערקווירדיק צוגעפּאסט ניט נאָר צו אָט יענע אלע צייטן, אין וועלכע די, וואָס שרייבן וועגן דער קדמות התפלה, ווילן די פאַרפאַסונג פון די ערשטע און לעצטע דריי ברכות פון שמונה עשרה זען, נאָר אויך צו נאָך פריערע צייטן. לויט דעם גאַנצן אינהאלט זייערן זיינען זיי מערקווירדיק צוגעפּאַסט צו די גאָר פריעסטע יאָרן פון אידישן ישוב אין ארץ ישראל נאָך דער גלות בבל תקופה. עס איז דאָ אין זיי דאָס אלעס, וואָס האָט דאן דאָס שטרעבן און באַגערן פון אידישן פאָלק פאַרמירט. עס איז אין זיי אין פולן אויסדרוק אָפּגעשפּיגלט די גאנצע אינערלעכע וועלט, אין וועל־כער עס האָט דאן דאָס אידישע פאָלק געלעבט. און דעריבער שיינט

מיר אז די מיטלסטע ברכות פון דער שמונה עשרה זיינען טאַקע, ווירק־לעך א פּראָדוקט פון א סך פריערע צייטן, ווי די ערשטע דריי ברכות. צוליב דעם, וואָס אין די דאָזיקע דריי ברכות געפינט זיך דער ענין פון תחית המתים אלס וויכטיקער עיקר פון דער אידישער אמונה, קען מען זיכער ניט מקדים זיין — אין אנקלאנג מיט מיינע אנשוי־אונגען — וועגן וועלכע עס איז ניט איצט די צייט צו ריידן — וועגן דעם אין וואָס פאר א צייט מען באַדאַרף שטעלן דאָס אנטשטיין פון דעם גלויבן אין תחית המתים ביי אידן — פאר די לעצטע אנשי כנסת הגדולה.

און נאָך מער, מיר שיינט, אז אפילו די ברכות פון פאר קריאת שמע און נאָך קריאת שמע, ווי אויך א געוויסער טייל, אלנפאלס, פון דעם סדר קריאת שמע, קענען, נאָכדעם וואָס מיר זאָלן אראָפּנעמען געוויסע ענדערונגען, וואָס זיינען אריינגעטראָגן געוואָרן אין זיי, זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן אין יענער גאַר פריסטער צייט, אין וועלכע עס זיינען די ברכות פון דער שמונה עשרה אנטשטאַנען. דער איינ־האָלט זייערער איז מערקווירדיק צוגעפּאסט צו דעם רעליגיעזן עקסטאַז, אין וועלכן עס האָט זיך דאָס אידישע פאָלק אין יענער עפּאָכע געפונען, און צו דעם אופן פון רעליגיעזן פילאָזאָפירן און דעם יתר שאת פון אידישן גלויבן איבער אלע אנדערע גלויבנס ארויס־שטעלן פון יענער צייט.

און נאָך מער זעט מען עס פון דער ברכה „יוצר אור ובורא חושך״, אין וועלכער עס ווערט פּראָקלאַמירט די אליינהערשאפט און די אַל־הערשאפט פון גאָט. דער קאמף קעגן דעם גלויבן אין „שתי רשויות״ איז קיינמאָל שפּעטער אזוי אקטועל ניט געווען, ווי דאן, ווען דאָס באַקעמפן פון דעם דאָזיקן גלויבן האָט אזוי באשעפטיקט געהאלטן די אידישע נביאים, וואָס האָבן ארום יענער עפּאָכע געלעבט, קעגן דעם דאָזיקן גלויבן. מען קען פאר קיין אנדער שפּעטערער עפּאָכע אַזאַ געניגנדע אורזאכע ניט געפינען פאר די רעליגיעזע פאָרשטייער פון אידישן פאָלק אָנצוהויבן די ערשטע תפלה פון טאָג מיט א פּראָ־קלאַמירונג, אז די אלע גוטע און בייזע וועלט כחות זיינען נאָר פון גאָט אליין באַשאַפן געוואָרן, ווי פאר אָט יענער עפּאָכע.

אויך דער סדר התפלה פון שבת באלאנגט צו די אויפטואונגען פון די אנשי כנסת הגדולה. אין דער שבת שמונה עשרה האָבן די

אנשי כנסת הגדולה ניט אריינגענומען די אלע מיטלסטע ברכות,*) וואָס געפינען זיך אין דער וואָכעדיקער שמונה עשרה, די אַלע תפלות ברכות, וואָס געפינען זיך צווישן די ערשטע דריי ברכות און די לעצטע דריי. צוליב דער הייליקייט פון שבת, וואָס דאַרף זיין א טאָג פון אבסאָלוטער רו, פון פריי זיין פון זאָרג און אַנשטרענגונג, אין וועלכן דער מענטש דאַרף זיך דערהויבן איבער דער וואָכעדיקער אלטעג־לעכקייט זיינער, איבער די ענינים גשמיים, וואָס האלטן אים באשעפ־טיקט א גאנצע וואָך, האָבן זיי ארויסגעלאָזן אַט יענע אלס מיטלסטע ברכות, אין וועלכע עס ווערט אויסגעדריקט באזאָרגטקייט פון די מתפללים אויף דעם, וואָס פעלט זיי, אין וועלכע עס ווערט אין א גרויסער מאָס אויף מאַטעריעלע ענינים געבעטן, און אנשטאָט די דאָזיקע ברכות האָבן זיי מתקן געווען איין לענגערע תפלה, אין וועל־כער עס ווערט וועגן דער קדושת יום השבת גערעדט.

און א חוץ די אלע ביז איצט דערמאָנטע תפלות און ברכות האָבן די אנשי כנסת הגדולה נאָך אנדערע תפלות און ברכות מתקן געווען. די חז״ל שרייבן צו צו זיי אויך דעם גאנצן סדר פון קדוש און הבדלה. פונקט, ווי עס האָט זיך פריער, אין נחמיהס צייטן, א גרויסע נאָכלע־סיקייט געמערקט אין אידישן ישוב און יהודה בנוגע דעם ענין פון שבת און יום טוב אָפּהיטן, אזוי איז גרויס איצט געווען די אָנשטרענ־גונג זיינע, עס זאָל איצט אין אים דאָס אָפּהיטן פון שבת און יום טוב מיט דער גרעסטער שטערנגקייט דורכגעפירט ווערן. און כדי אויס־צומיידן, אז קיינער זאָל אויף קיין וועג אין חלול שבת ניט נכשל ווערן, האָבן די אנשי כנסת הגדולה מתקן געווען, עס זאָל א קורצע צייט פריער נאָך פאר שקיעת החמה פון יעדן איינעם די ארבעט אוועקגעוואָרפן ווערן. א ספעציעלער באַאַמטער איז באַשטימט געוואָרן דערויף, ער זאָל פון א שופר בלאָזן ערב שבת אין דעם מאָמענט, ווען עס האָט באדארפט פון יעדן איינעם די ארבעט אויפגעגעבן ווערן. דאָס איז געטאָן געוואָרן צוליב דעם, כדי יעדער איינער זאָל וויסן, ווען ער באַדאַרף זיין ארבעט אוועקלייגן, ווי אויך צוליב דעם, כדי אויף א פייערלעכן אופן דאָס אָנקומען פון שבת פראָקלאמירן.

---

*) און דער באַרימטער תלמודישער געלערטער רב צעיר שרייבט אין זיין מבוא צום קצור התלמיד, ברכות, אז פריער האָט מען שבת די י״ח ברכות מתפלל געווען.

און כדי צו צוגעבן וואָס מער פייערלעכקייט די שבתים און יום טובים, כדי אונטערצושטרייכן זייער וויכטיקייט און הייליקייט, האָבן די אנשי כנסת הגדולה מתקן געווען, מען זאָל די שבתים און יום טובים מיט וויין אויפנעמען און באגלייטן, פראָקלאמירן דורך א ברכה אויף וויין די הייליקייט זייערע ביי זייער אָנקומען און דעם אונטער־שייד וואָס צווישן די נאָך זיי קומענדע וואָכעדיקע טעג און זיי ביי זייער אוועקגיין.

און צו די ספּעציעלע תקנות, וואָס די אנשי כנסת הגדולה האָבן מתקן געווען, צו ערווערבן דורך זיי פאר די שבתים און יום טובים גרויס חשיבות אין די אויגן פון פאָלק, איז אויך געווען דאָס, וואָס זיי האָבן איינגעפירט, מען זאָל אין די טעג פון שבת א גרעסערן טייל, ווי אין די וואָכעדיקע טעג, פון דער תורה, לייענען. צו זיי באלאנגט אויך די תקנה פון הפטרה לייענען נאָך קריאת התורה.

די נויטווענדיקייט פון דער דאָזיקער תקנה איז ארויסגערופן געוואָרן דורך דעם, וואָס די שומרונים האָבן דעם אויטאָריטעט פון די ספרים פון די נביאים ניט געוואָלט אָנערקענען, וואָס זיי האָבן א ביטערע קעגנערשאפט צו זיי ארויסגעוויזן, צוליב דעם, וואָס די נביאים האָבן אין זייערע נביאות גערעדט שטענדיק וועגן דער הייליקייט פון דער שטאָט ירושלים, צוליב דעם, וואָס זיי האָבן באטראכט דעם בית המקדש אלס דעם וויכטיקסטן קנין האומה, זיי האָבן דערי־בער נאָר דעם אויטאָריטעט פון דער תורה און ספר יהושע אנער־קענט. דורכדעם וואָס זיי האָבן די הייליקייט פון די נביאים אָפּגע־לייקנט איז פאר זיי מעגלעך געוואָרן אויך די הייליקייט פון ירושליב און בית המקדש אָפּצולייקענען.

די אנשי כנסת הגדולה האָבן געפונען דעריבער פאר נויטיק וואָס מער אונטערצושטרייכן די חשיבות פון די נביאים אין די אויגן פון פאָלק. האָבן זיי דעריבער איינגעפירט, אז אין די הייליקסטע טעג פון יאָר זאָלן צוגלייך מיט פראגמענטן פון דער תורה אויך פראג־מענטן פון די נביאים געלייענט ווערן. אין די דאָזיקע הפטרות זיינען די אלע ספרים פון דעם גאַנצן טייל נביאים פון תנ״ך פארטראָטן: די נביאים ראשונים; יהושע, שופטים, שמואל מלכים; און די נביאים אחרונים, די דריי גרעסטע: ישעיהו, ירמיהו, יחזקאל און די צוועלף

קלענערע: הושע, יואל, עמוס, עובדיה, יונה, מיכה, נחום, חבקוק, צפניהו, חגי, זכריה און מלאכי.

אויך דאָס פּראָוּוען פון סדר אין די הויפּט פּונקטן זיינע איז איינ־געפירט געוואָרן אין יענע צייטן פון די גאָר ערשטע אנשי כנסת הגדולה. אין די יאָרן פון נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפעס און נאַציאָנאַלע האָפנונגען האָבן די אנשי כנסת הגדולה געווענדט די אויגן פון זייער פאָלק צו דער גרוי אלטער תקופה אין דער אידישער געשיכטע, ווען דאָס אידישע פאָלק האָט די קייטן פון קנעכטשאפט, וואָס עס האָט אויף זיך געטראָגן, צעריסן און פרייהייט פאר זיך דערוואָרבן, כדי זיי זאָלן פון אַפּאַטישער פארצווייפלונג ניט באַהערשט ווערן, צו־זעענדיק ווי שווער עס דריקן די אומשטענדן אויף דעם שיקזאל זייערן, כדי עס זאָל זייער ווילן געשטארקט ווערן, פאר זייער פולשטענדיקער דערלייזונג צו ארבעטן, ווי אויך דער גלויבן זייערער אין די גוטע רעזולטאַטן, וואָס די דאָזיקע ארבעט וועט פאר זיי ברענגען.

די אנשי כנסת הגדולה האָבן געזען דעריבער, אז דער יום טוב פסח זאָל געפייערט ווערן פון אידישן פאָלק מיט פיל פּראַכט און מיט וואָס מער פייערלעכן צערעמאָניאל, כדי דער אקט פון יציאת מצרים זאָל אין לעבעדיקע בילדער איינגעקריצט ווערן אין זכרון פון פאָלק.

און אויך דער מנהג, וואָס יום טוב ווערט געזאָגט „הלל״ שטאמט פון יענער צייט. דער הלל אָבער, וואָס זיי האָבן דעמאָלט איינגעפירט — שרייבט רבי נחמן קראכמאל, שטיצנדיק זיך דערביי אויף אויף רמזים, וואָס געפינען זיך וועגן דעם דאָזיקן ענין אין תלמוד — האָט ענטהאלטן נאָר דעם גרעסערן און ערשטן טייל פון אונדזער איצטיקן „הלל״, פון אָנהויב ביז „הודו״. דער צווייטער און קלענערער טייל אָבער פון אונדזער איצטיקן הלל — דאָס קאפּיטל קי״ח פון תהלים — וואָס הויבט זיך אָן מיט דעם פסוק הודו לה׳ כי טוב כי לעולם חסדו און ענדיקט זיך מיט דעם זעלבן פסוק — אָט דער צווייטער טייל איז צוגעגעבן געוואָרן צום הלל ערשט שפּעטער אין דער צייט פון די חשמונאים. ווארום ער איז אויך ערשט דעמאָלט—מיינט קראָכ־מאל — פארפאסט געוואָרן, ווי מען זעט עס פון דעם גאנצן ענין פון דעם דאָזיקן קאַפּיטל.

אויך דאָס לייענען פון דער מגלה אים פורים מיט די אלע פאָר־שריפטן וועגן דעם ווערט ביי זיי פאררעכנט פאר א תקנה פון די

אנשי כנסת הגדולה. דערצו רעכענען זיי אויס נאָך צען תקנות, וואָס עזרא אליין זאָל האָבן מתקן געווען. ווידער זאָגן זיי, אז עזרא האָט עס איינגעפירט, מען זאָל לייענען די „תוכחה" פון פרשה „בחוקתי" פאַר שבועות און די תוכחה פון פרשה „תבוא" פאַר ראש השנה. עס איז אָבער ניט זיכער, צו די חז"ל האָבן געמיינט אונדז צו זאָגן, אַז די אלע תקנות טאַקע, וואָס ווערן פון זיי צו די אנשי כנסת הגדולה צוגעשריבן, זיינען טאַקע ווירקלעך פון זיי איינגעפירט געוואָרן, אָדער זיי האָבן איניקע פון זיי צוגעשריבן צו די אנשי כנסת הגדולה נאָר אויף א פיגוראַטיוון אופן, כדי צו באצייכענען דעם טיפן עלטער פון די דאָזיקע תקנות.*) מער קרוב אל האמת וועלן מיר זיין, ווען מיר וועלן פארשטיין דעם ענין אויף דעם צווייטן אופן. ווארום צווישן די תקנות, וואָס זיי זיינען מייחס עזראן אליין, געפינען זיך אזעלכע, וואָס שטאַמען געוויס פון א שפּעטערדיקער צייט. עס איז דעריבער, וואר־שיינלעך, אז אין באצוג צו איניקע תקנות, האָבן די חז"ל כלל ניט געמיינט איבערצוגעבן אונדז א מסורה, וואָס זיי האָבן בקבלה איש מפי איש געהאט, דערמיט, וואָס זיי האָבן זיי צוגעשריבן צו די אנשי כנסת הגדולה. זיי האָבן געמיינט דערמיט נאָר זייער טיפן עלטער באצייכענען. צו מייחס זיין אויף א פיגוראַטיוון אופן די פון א גאָר טיפן עלטער אידישע מנהגים און תקנות צו פארשטייער פון גאָר פאר־צייטיקע דורות איז א זאך, וואָס די חז"ל האָבן זייער אָפט פּראַקטיצירט יעדע אלטע תקנה, וואָס מען האָט ניט געוואוסט די צייט פון איר ענטשטייאונג, וואָס מען האָט ניט געוואוסט, ווער איר אויטאָר איז געווען, האָבן זיי ליב געהאט צו מייחס זיין צו איינעם פון די גרויסע אידישע פּערזענלעכקייטן, וואָס ווערן נאָך אין תנ"ך דערמאָנט, אויב זיי האָבן נאָר געקענט געפינען א רמז דערויף אין תנ"ך אין יענע ערטער, וואו עס רעדט זיך דאָרטן וועגן אים. „און ווען זיי האָבן — שרייבט ווייטער ר' אייזיק הירש וויס — זיי צו איינעם פון די גרויסע פּערזענלעכקייטן, וואָס ווערן דערמאָנט אין תנ"ך ניט געקענט צושרייבן, ווייל זיי האָבן דערויף ניט געקענט געפינען קיין רמז אין תנ"ך, האָבן זיי אָנגעהאנגען די תקנה אין עזראן און זיינע צייטגענאָסן, ווייל זיי זיינען געווען דער ערשטער דור, ווען מען האָט סיסטעמאַטיש אָנגעהויבן צו מאַכן תקנות, ארומצאמענדיק די רעליגיע מיט א גדר".

---

*) אייזיק הירש וויס.

י"ד

# אין דער לעצטער תקופה פון דער פערסישער הערשאַפט

דאָס אידישע לעבן אין ארץ ישראל אין די לעצטע יאָרן פון דער פערסישער הערשאַפט. — די מאָגערע ידיעות, וואָס מיר באַזיצן וועגן דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין אידישן ישוב פאר דער דאָזיקער צייט. — ניט אין פּאָליטישן לעבן, ניט אין סאָציאַל־עקאָנאָמישן לעבן פון ישוב זיינען דאַן גרויסע ענדע־רונגען פאָרגעקומען. — די איינגעאָרדנטע געריכטן, צו וועלכע די אָרימע, די געקריוודעטע פלעגן זיך ווענדן צו פאָדערן גערעכטיקייט פאר זיך. — די פאַנאַנאַדערבליאונג פון דער אידישער רעליגיעזער קולטור פאר יענער צייט. — די פיל פארצווייגטע אויסדרוקס פאָרמען, אין וועלכע זי האָט זיך דאַן מאַניפעסטירט. — א פּאָר אויסנאַמען פון שטורעמדיקע פּאַסירונגען. — דער ברודער מאָרד אין בית המקדש.

וועגן דעם וואָס עס איז פאָרגעקומען אין אידישן לעבן אין משך פון דער תקופה, וואָס האָט זיך געצויגן פון דער צייט, ווען נחמיה איז געשטאָרבן,*) ביז די טעג, ווען עס איז די פערסישע הער־שאַפט געפאַלן,**) איז אונדז זייער ווייניק מאַטעריאַל איבערגעבליבן אין די אלע פארשידענע היסטאָרישע קוועלן, וואָס מיר פאַרמאָגן וועגן יענער צייט.

דאָס אָבער, וואָס מיר פארמאָגן ניט קיינע אויספירלעכע באַשריי־בונגען וועגן דעם אלגעמיינעם לעבן פון אידישן ישוב אין ארץ ישראל פאר יענער צייט, דאָס, וואָס מיר זען ניט, עס זאָלן זיך געפינען אין די היסטאָרישע קוועלן, וואָס מיר פאַרמאָגן וועגן יענער צייט, פילע וויכטיקע פּאַסירונגען, וואָס זאָלן געווען פאָרקומען דאַן אין אידישן לעבן, מיינט כלל ניט, אַז מיר באַדאַרפן באַטראַכטן יענע עפּאָכע אלס

*) אין אָנהויב פון פינפטן יאָרהונדערט פאר דער נייער צייטרעכנונג.

**) ארום א קאַרגע הונדערט יאָר.

אזעלכע, וואָס מוז פאַר אונדז א „טערא אינקאָגניטא" בלייבן, מיינט כלל ניט, אז מיר קענען גאָר קיין אנונג ניט האָבן וועגן דעם, ווי דאָס אידישע לעבן האָט אויסגעזען דאַן. אין דעם אלעם איז נאָר דער עלעמענט פון „ללמד על עצמו" פאַראַן. עס מוז אָבער פאַר אונדז ניט צוליב דעם די דאָזיקע עפּאָכע אויסער „געשיכטלעכער אויפפאסונג" געשטעלט ווערן. פאַרקערט נאָך: אויך דאָס אליין, וואָס עס זיינען אונדז ניט געבליבן פאַרצייכנט אין די היסטאָרישע קוועלן, וואָס מיר פאַרמאָגן, קיינע גרויסע פּאַסירונגען פאַר דעם משך פון די אלע יאָרן פון יענער עפּאָכע, קען אונדז אין א געוויסן זין אלס היסטאָרישער מאַטעריאל דינען. מיר באַדאַרפן דעם דאָזיקן פאקט ניט נעמען אין דעם זין, אַז מיר געפינען זיך גאָר אינגאנצן אין דער פינסטער, וואָס אמבאַלאַנגט אונדזער היסטאָרישן וויסן וועגן יענער תקופה, נאָר אין דעם פשוטן זין, אז עס זיינען טאַקע ווירקלעך, אין יענער צייט קיין גרויסע סאָציאַל־פּאָליטישע געשעענישן ניט פאָרגעקומען אין אידישן לעבן, קיינע פּאַסירונגען אזעלכע, וואָס זאָלן פון אויסערגעוויינלעכן כאַראַקטער זיין, און ווען מיר נעמען דעם דאָזיקן פאקט נאָר אין דעם זין, קען ער אונדז, ווירקלעך, דאַן אלס היסטאָרישער מאַטעריאל דינען, קען ער אונדז טאַקע ווירקלעך, ארויסהעלפן, מיר זאָלן זיך א בילד קענען שאַפן וועגן דעם, ווי אזוי דאָס אידישע לעבן האָט אויסגעזען אין יענער עפּאָכע.

ניט געפינענדיק אין די היסטאָרישע קוועלן, וואָס מיר פאַרמאָגן וועגן יענער צייט, קיינע באַשרייבונגען וועגן גרויסע וויכטיקע פּאַסי־רונגען, וועגן געשעענישן פון קאַטאַסטראָפאַלן כאַראַקטער, דאַרפן מיר קומען צו דער אנשויאונג, אז דאָס אידישע לעבן דאַן איז רואיק, שטיל געפלאָסן אין די ראַמען, אין וועלכע עס איז אין פריערדיקן דור איינגעפאסט געוואָרן, אז עס איז די גאנצע צייט איבער א נאָר־מאַלן, זיכערן וועג געגאַנגען, אז אין עיקר שטח זיינעם איז דאָס געזוען א פּראָצעס פון צעוואקסן זיך, פון צעבליען זיך פון די פון פריער פאַרזייטע קערנדלעך.

ניט זייענדיק אונטערגעוואָרפן גרויסע אויפטרייסלונגען, האָט דאָס אידישע לעבן דאַן פאָרטגעזעצט די ווייטערע נאָרמאַלע ענטוויקלונג זיינע לויט, ווי עס איז די לעצטע יאָרן פון נחמיה אוועקגעשטעלט

געוואָרן. עס זיינען ניט קיינע גרויסע ענדערונגען פאָרגעקומען אין דער פאָליטישער סטרוקטור פון אידישן לעבן.

די ארומיקע שכנים, וואָס האָבן ביז דאַן אינטריגירט אנטקעגן דעם אידישן פאָלק, וואָס האָבן זיי ניט פארגונען זייער פאָליטישן ווידערגעבורט, האָבן זיי יעצט צורו געלאָזט. נחמיהס איינפלוס אין קעניגלעכן הויף פון פערסיען, דער אויסערגעוויינלעכער מוט זיינער, די אויסערגעוויינלעכע אָנגעשטרענגטע ארבעט זיינע, מיט וועלכע ער האָט דעם קאמף זיינעם פאר דעם בנין העם געפירט, האָבן די בייזע האַפנונגען פון די אידישע שונאים צעשטערט, און זיי האָבן סוף כל סוף שלום געשלאָסן מיט דעם געדאנק, דאָס לאנד יהודה אלס דאָס לאַנד פון אידישן פאָלק צו באטראכטן. און אויך די באציאונג פון די פאָרשטייער פון דער פערסישער מאכט האָט זיך ניט געענדערט צום ערגערן צום אידישן ישוב אין פאלעסטינע. צווישן דעם אידישן ישוב און דעם פערסישן הויף זיינען די גוטע באציאונגען, וואָס זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן פון נחמיהן, אין קראפט געבליבן.

און אויך דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון לאנד איז ניט אין קיין גרויסער ענדערונג אריינגעטראָטן. אויך דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון אידישן ישוב אין ארץ ישראל איז רואיק געפלאָסן, איז פון געוויינ־לעכן כאראקטער געווען, די סאָציאלע שיכטן פון ישוב זיינען ניט פון שארפע קאָנטראסטן באשטאנען. אויב עס האָט, אמת, אויך דאַן קיין אבסאָלוטע עקאָנאָמישע גלייכהייט ניט עקזיסטירט אין אי־דישן ישוב, האָט אָבער אין אים אויך ניט קיין צו שאַרפע עקאָנאָ־מישע אומגלייכהייט עקזיסטירט. דער גרעסטער טייל פון דער אי־דישער באַפעלקערונג האָט זיך הויפטזעכלעך מיט לאנדפירטשאפט באַשעפטיקט. א קליינע טייל אָבער האָט זיך אויך מיט מסחר און מלאכה פארנומען. און אויב דער אידישער ישוב האָט ניט דאַן קיין גרויס רייכטום פאַרמאָגט, האָט ער אָבער אויך פון דריקנדער אָרימקייט ניט געליטן. אויף וויפיל עס האָבן זיך אין אים אָרימע עלעמענטן געפונען, האָבן זיי פאר זיך מיט א פרייער האַנט די שטיצע פון זייערע רייכערע, פארמעגלעכערע ברידער געהאט. אין יעדער שטאָט זיינען באַשטימט געווען דאַן מענטשן, וואָס זיי האָבן געהאט אויף זיך די אויפגאבע צו זאָרגן פאר די אָרימע לייט. די גייסטיקע פאָר־שטייער פון אידישן ישוב האָבן זיך די גרעסטע מי געגעבן, אז דער

אָרימער, דער שוואכערער זאָל ניט געקריוודעט ווערן פון דעם רייכערן, פון דעם שטארקערן פון אים. און צו דעם צוועק האָבן זיי איינגעאָרדנט אין יענע טעג פון דער וואָך, ווען עס זיינען די שטאָט ירידים פאָרגעקומען, מאָנטיק און דאָנערשטיק, געריכטן אין יעדער שטאָט, וואו דער געקריוודעטער איז געקומען גערעכטיקייט פאר זיך צו פאָדערן.

די שטורמדיקע רעדעס, מיט וועלכע די נביאים זיינען מיט דורות פריער ארויסגעטראָטן קעגן די רייכע, וואָס האָבן זייערע אָרימע ברידער געדריקט, האָבן זייער גוטע ווירקונג געבראכט. דאָס אידישע לעבן איצט האָט שוין מער קיין מעגלעכקייט ניט געגעבן פאר אזעלכע שארפע, צאָרנדיקע ארויסטרעטונגען קעגן די רייכע עלעמענטן פון דער אידישער באַפעלקערונג.

מיט דער גרעסטער שטרענגקייט זיינען דאן אויך אָפּגעהיט געוואָרען די אלע סאָציאלע געזעצן פון דער תורה, וואָס דער צוועק זייערער איז געווען ניט צו דערלאָזן, אז אייניקע עלעמענטן פון אידישן פאָלק זאָלן מוזן אין שטענדיקער אָרימקייט בלייבן, זאָלן אין א דערנידעריגענדן מצב זיך געפינען. עס זיינען דאן די אלע דינים פון שמיטה יאָר מיט דער גרעסטער אויספירלעכקייט אָפּגעהיט געוואָרן. עס זיינען אין דעם יאָר די אלע חובות געשענקט געוואָרן, כדי די פאָראָרימטע, די פארשולדיקטע זאָלן ווידער קענען קומען צו זיך, זיי זאָלן ניט דארפן ארבעטן, אויף די חובות זייערע צו באצאָלן. און וואָס אמבאלאנגט שקלאפעריי, האָבן זיך די מיטגלידער פון אידישן ישוב דאַן געפירט נאָך לפנים משורת הדין. זיי האָבן אויף זיך גענומען נאָך מער חומרות, ווי די ,וואָס די תורה שרייבט פאָר בנוגע דעם דאָזיקן ענין. דער אינסטיטוט פון שקלאפעריי איז גאָר אינגאנצן אָפּגעשאָפט געוואָרן אין אידישן לעבן. ווען עמיצער האָט זיך דאן אפילו געוואָלט פארקויפן פאר א קנעכט, האָט ער ניט געקענט געפינען קיינעם וואָס זאָל אים וועלן קויפן.

רואיק, אָן קאַטאַסטראָפאָלע אונטערברעכונגען, האָט אויך געמוזט פליסן דאָס נאָך מער אינערלעך לעבן פון אידישן פאָלק פאר יענער צייט, דאָס נאָך מער אינערלעך לעבן, וואָס איז די אויסדרוקס פאָרמען געווען פון זייער רעליגיעזער קולטור.

דאָס, וואָס מיר האָבן ניט קיין אויספירלעכע באַשרייבונגען וועגן דעם אינערלעכן לעבן פון אידישן פאָלק פאַר יענער צייט, וועגן די אויסדרוקס פאָרמען, אין וועלכע עס האָט זיך די רעליגיעזע קולטור זייערע מאַניפעסטירט, דאַרף ניט האָבן די באַדייטונג פאַר אונדז, אַז מיר באַדאַרפן יענע עפּאָכע אין דער הינזיכט אלס א דונקעלע נעפּל-האַפטע באַטראַכטן, נאָר פאַרקערט נאָך, אָט דער פונקט צוזאַמען דער-מיט, וואָס עס ווערט אונדז אויך ניט דערציילט וועגן שאַרפע רעלי-גיעזע אָפּנייגונגען, וואָס זאָלן געווען פאָרקומען פאַר יענער צייט, דאַרף אונדז ביי דער איבערצייגונג האַלטן, אַז זי איז געווען א פאָרטזעצונג אין וועלכער עס האָט זיך נאָך מער פאָלקאָמע ענטוויקלונג פאַרקערפּערט, פון דער פריערדיקער עפּאָכע פון די לעצטע יאָרן פון נחמיה, ווען עס איז שאַרפער אויסדרוק, פעסטע סטאַביליטעט דער רעליגיעזער קולטור פון אידישן פאָלק געגעבן געוואָרן.

מיר קענען זיך א בילד שאַפן וועגן דעם, ווי עס האָט אָט דאָס דאָזיקע אינערלעך לעבן זייערס אויסגעזען אויך אָן די אויבנדערמאָנטע אויספירלעכע באַשרייבונגען.

דער פאַר אונדז פאַרצייכנטער פאַקט פון דער עקזיסטענץ פון דעם סופרים אינסטיטוט און פון דעם כנסת הגדולה אינסטיטוט, די דייטלעכע רמזים, וואָס מיר האָבן וועגן דעם כאַראַקטער פון זייער אַלגעמיינער טעטיקייט, די אויספירלעכע ידיעות, וואָס מיר האָבן וועגן אייניקע באַזונדערע צווייגן פון זייער טעטיקייט, געבן אונדז די מעגלעכקייט, מיר זאָלן זיך א בילד קענען שאַפן וועגן דעם אידישן פאָלק פון יענער צייט ווי אלס א פאָלק, וואָס האָט שוין אַן אומאונטערבראָכענע, פאָלקאָם פאָרמירטע רעליגיעזע קולטור פאַר-מאָגט, ווי אלס א פאָלק ביי וועלכן עס האָט זיך שוין די רעליגיעזע קולטור זיינע אין פולבלוטיקע אויסדרוקס פאָרמען מאַניפעסטירט.

מער, ווי פריער נאָך, אין די לעצטע יאָרן פון נחמיה, די פאָרט-זעצונג פון וועלכע די דאָזיקע תקופה איז געווען, זיינען איצט די פאָרשריפטן פון דער תורה דער באַזיס פון אידישן לעבן געוואָרן. נאָך מער, ווי פריער, איז איצט יעדער קער און יעדער ריר פון יעדן אידן פון די לערן פון זייערע רעליגיעזע פאָרשטייער קאָנטראָלירט געוואָרן. די מחנות פון די, וואָס האָבן דעם שטודיום פון דער תורה פאַר זייער שטענדיקע באַשעפטיקונג געמאַכט, האָבן זיך וואָס ווייטער

אלץ מער פארגרעסערט. וואָס ווייטער האָט זיך אלץ מער פארגרע־סערט די צאָל פון די בתי ועד, די ישיבות, וואו די לערער פון פאָלק פלעגן זיך צונויפקומען די תורה צו שטודירן. וואָס ווייטער איז אלץ מער פארגרעסערט געוואָרן די צאָל פון די תלמידים, וואָס פלעגן אין די דאָזיקע ישיבות קומען, צו לערנען תורה ביי די גרויסע לערער זייערע. וואָס ווייטער איז אלץ מער פארגרעסערט געוואָרן דער קאָנ־טינגענט פון יודעי תורה אויך צווישן די ברייטערע פאָלקס שיכטן.

---

דאָס, אלזא, וואָס עס זיינען אונדז ניט איבערגעבליבן קיין אויס־פירלעכע באַשרייבונגען וועגן יענער תקופה, איז דאָס ניט דערפאר, וואָס די געשיכטע האָט ניט געוואוסט, וואָס אונדז וועגן איר צו דערציילן, נאָר דערפאר ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, וואָס זי האָט ניט געהאט קיין אויסערגעוויינלעכעס צו דערציילן, נאָר דער־פאר, וואָס ס׳זיינען אין איר אזעלכע געשעענישן ניט פאָרגעקומען, וואָס זאָלן פון קאַטאַסטראָפאלן כאַראַקטער געוועזן זיין, נאָר דערפאר, וואָס אין אלגעמיין איז זי א רואיקע, מער פאָלקאָמע פאַרטזעצונג געוועזן פון דעם אידישן לעבן, וואָס איז איינגעשטעלט געוואָרן אין די לעצטע יאָרן פון נחמיה.

ניט אָבער אין משך פון די אלע יאָרן פון דער דאָזיקער עפּאָכע האָט דאָס לעבן פון אידישן פאָלק פריעדלעך און רואיק געפלאָסן. אין די לעצטע פאָר צענדליק יאָרן זיינען יאָ פאָרגעקומען שטורמישע פאָסירונגען אין אידישן לעבן.

ט"ו

# ידוע דער כהן גדול פאַרטרייבט זיין ברודער פון בית המקדש

**די הייראט פון מנשה, ידוע דעם כהן גדולס ברודער, מיט סנבלט דעם צווייטנס א טאָכטער. — די אויפרעגונג, וואָס די דאָזיקע פּאַסירונג האָט ארויסגערופן אין ישוב. — זיין אייגענער ברודער, דער כהן גדול ידוע, פּאַרטרייבט אים פון מזבח. — סנבלט זיין שווער זאָגט אים צו, אז ער וועט פאר אים בויען א טעמפּל אויף דעם הר גריזים און ער וועט אים מאכן פאר דעם כהן גדול איבער די שומרונים. — די הבטחה זיינע ווערט מקויים ערשט באלד נאָכדעם, ווי אלעקסאנדער מוקדון האָט פערסיע באַזיגט.**

נאָך דעם טויט פון יהוידע דער זון פון אלישוב דעם כהן גדול, דער צייט־גענאָסע פון נחמיה האָט ישוע, דער איינגערער זון פון פאַרשטאָרבענעם כהן גדול יהוידע, געפּרואווט צו פאַרכאַפּן פאר זיך דעם אַמט פון כהן גדול. ער האָט זיך פארלאָזט אויף דער שטיצע, וואָס ער וועט דערויף באקומען פון באגאזעס, וועלכער איז דער קאָמאַנדיר געוועזן איבער דעם מיליטער, וואָס איז געשטאנען אין סיריען און פעניצע. ווארום דער דאָזיקער באגאזעס האָט אויסגענוצט דעם גרויסן אמט זיינעם פאר זיינע פערזענלעכע צוועקן. ער האָט געזוכט דורך אים וואָס מער רייכטום צו דערווערבן. האָט ער אויך ביי ישוע שוחד גענומען, צוזאָגנדיק אים, אז ער וועט אים העלפן דעם אמט פון כהן גדול צו דערווערבן. יוחנן, דער עלטערער ברודער, וואָס אים איז געקומען לויט דעם ירושה געזעץ פון דער תורה דער כהן גדול אמט, איז אָבער אויף זיין רעכט באשטאנען, און האָט אים זיין פלאץ אין בית המקדש ניט געוואָלט אָפּטרעטן. איז אזוי ארום א גרויסע קריגעריי ענטשטאַנען צווישן זיי, וועלכע איז איינמאָל אויך אין בית המקדש אליין איבערגעטראָגן געוואָרן. עס האָט דאָרטן איינמאָל א גרויסער קאמף צווישן די צוויי ברידער אויסגעבראָכן,

וועלכער האָט זיך מיט בלוט פאַרגיסונג געענדיקט. אין דעם ברודער־קאַמף, וואָס האָט דאַרטן אויסגעבראָכן, איז דורך יוחנן דער אינגערער ברודער זיינער ישוע דערהרגט געוואָרן.

דאָס ריינע, געלייטערטע לעבן פון אידישן פאָלק פאַר יענער צייט איז מיט בלוט פון ברודער מאָרד באַפלעקט געוואָרן.

מיט דעם בלוט פון א ברודער מאָרד, וואָס דער העכסטער רעליגיעזער פאַרשטייער פון פאָלק, דער כהן גדול זייערער, איז אין בית המקדש באַגאַנגען.

ווען באַגאָזעס איז וועגן דעם טויט פון ישוע געוואויר געוואָרן, האָט ער אויסגענוצט די דאָזיקע בלוטיקע פאַסירונג פון זיין טובה וועגן, אלס געלעגנהייט, ער זאָל פון די אידן געלט קענען אויספּרעסן. אלס שטראָף פאַר דער ערמאָרדונג פון זיין פריינט ישוע האָט ער ארויפגעלייגט אויף די אידן אן אָפּצאָל פון 50 דרכמונים פאַר יעדער שאָף, וואָס זיי וועלן מקריב זיין. אין א משך פון זיבן יאָר האָט מען אים געמוזט די דאָזיקע סומע אין זיין קאַסע איינצאָלן גאַנץ פרי נאָך איידער מען האָט דעם קרבן מקריב געווען.

און נאָך ערגער, ווי די שטראָף איז געווען פאַר די אידן פון יענער צייט, דאָס, וואָס באַגאָזעס האָט זיך מיט געוואַלד אריינגעריסן, ווען ער איז קיין ירושלים געקומען, אין בית המקדש.

דער כהן גדול האָט אים געפּרובירט פאַרשטעלן דעם וועג. די פאַר־שטייער פון פאָלק האָבן אים דערקלערט, אז לויט די פאַרשריפטן פון דער אידישער רעליגיע, טאָר ער אין בית המקדש ניט אריינקומען. ער האָט אָבער קיין אויפמערקזאַמקייט צו זייערע רייד ניט געשענקט.

מיט פאַראַכטענדן סאַרקאַזם האָט ער זיי געענטפערט: צו דענקט איר טאקע באמת, אז איך בין ניט אזוי ריין, ווי דער, וואָס איז געהרגעט געוואָרן אין בית המקדש. ער איז אינווייניק אין בית המקדש אריינגעקומען, וואָס האָט אלס בייזער סימבאָל געדינט, אז אויך דער צווייטער בית המקדש וועט אין רשות פון פרעמדער הער־שאַפט איבערגיין, אז אויך איבער אים וועט די פרעמדע הערשאַפט אזוי לאנג בעלי־הבתיווען ביז זי וועט פאַר אים אויך געגצלעכע פאַרניכטונג ברענגען.

א צווייטע פאַסירונג פון גרויס באַדייטונג — דיביידע פּאַסי־רונגען ווייזן מיר דערפון, וואָס יוסיפין האָט זיי אונדז איבערגעגעבן — איז פאָרגעקומען אין יענער תקופה מיט א דור שפּעטער פון דער ערשטער אין די טעג פון דעם לעצטן כהן גדול, ווען דער אידישער ישוב אין ארץ ישראל האָט זיך אונטער דער פּערסישער הערשאַפט געפונען; אין די טעג פון ידוע דער זון פון יוחנן, וואָס ישוע, זיין ברודער, איז דורך אים, יוחנן, אין בית המקדש דערהרגעט געוואָרן.

ידועס ברודער מנשה האָט חתונה געהאַט מיט ניקאזא, א טאָכטער פון א צווייטן סנבלט, וועלכער איז א הויפּט ביי די שומרונים געווען. האָט די דאָזיקע פאַסירונג גרויס אויפרעגונג ארויסגערופן אין אידישן ישוב. נאָכדעם, וואָס עס איז די דערשיינונג פון געמישטע הייראַטן שוין גאָר איינגאַנצן פארשוואונדן פון אידישן לעבן אין יהודה, האָט א ברודער פון כהן גדול, וואָס אויך ער אליין, אלס דער צווייטער נאָך זיין ברודער אין הויכן כהונה אמט, האָט אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכן אנטייל באַדאַרפט נעמען אין דער דורכפירונג פון דער עבודה אין בית המקדש, די דאָזיקע שוין פון לאַנג פארשוואונדענע דערשיינונג צוריק צום לעבן געבראַכט, האָט ער מיט דער טאָכטער פון סנבלט חתונה געהאַט.

און נאָך מער איז די אויפרעגונג געווען צווישן די פאַרשטייער פון אידישן ישוב. זיי האָבן מורא געהאַט, אז זיין טאַט זאָל אלס ביישפּיל ניט דינען פאר די ברייטע פאָלקס שיכטן, אז די אידישע באַפעלקערונג זאָל ווידער ניט אָנהויבן פּראַקטיצירן געמישטע הייראַטן.

זיי האָבן דעריבער געפאָדערט פון מנשה, ער זאָל זיך מיט זיין פרוי צוגיין, אָדער ער זאָל דעם בית המקדש ניט באַרירן.

מנשה האָט אָבער אין קיין איינער פון די ביידע זאכן ניט געוואָלט נאָכגעבן.

איז דאָן אויך דער אייגענער ברודער זיינער, ידוע דער כהן גדול, באַהערשט געוואָרן פון דעם גרויסן צאָרן, וואָס דאָס פאָלק האָט קעגן זיין ברודער געפילט, און ער האָט אים פון מזבח פארטריבן.

און אויב ער איז איינגעשפּארט געווען פריער, ווען מען האָט אים מיט דער שטראָף פון פארטרייבן פון בית המקדש געדראָט, אויב ער האָט דאָן נאָך נאָכגעבן ניט געוואָלט, איז ער שוין אבער פיל נאָכגעביקער געוואָרן, אין דעם מאָמענט, ווען די שטראָף איז דורכ־

געפירט געוואָרן. דער פאַקט, וואָס מען האָט די דראָהונג דורכגעפירט, האָט אויף אים די געהעריקע ווירקונג געהאַט.

נאָכדעם, וואָס ידוע האָט אים פון מזבח פאַרטריבן איז ער געקומען — דערציילט יוסיפון — צו זיין שווער, סנבלט, און געזאָגט צו אים, אז כאָטש ער האָט זייער ליב זיין פרוי ניקאזא, פונדעסטוועגן איז ער ניט וויליק צו ווערן באַרויבט צוליב איר פון זיין כהונה ראַנג, וואָס איז דער העכסטער ערן־ראַנג ביים אידישן פאָלק און איז פון דור צו דור אין זייער פאַמיליע איבערגעגאַנגען.

סנבלט האָט אים אָבער באַרואיקט, אז ער האָט ניט וואָס מורא צו האָבן, עס זאָל פון אים די כהונה זיינע אוועקגערויבט ווערן. פאַרקערט נאָך. ער האָט אים א פּלאַן געוויזן, ווי אזוי ער זאָל ניט נאָר אלס כהן פון געוויינלעכן ראנג קענען בלייבן, נאָר ער זאָל נאָך אויך קענען צום ראַנג פון כהן גדול דערהויבן ווערן.

ער האָט אים צוגעזאָגט — דערציילט וויטער יוסיפון — אויסצובויען א טעמפל אויף דעם באַרג גריזים, וועלכער איז דער העכסטער באַרג צווישן די אלע בערג, וואָס געפינען זיך אין שומרון, ער זאָל דאָרטן דער כהן גדול זיין — אויב ער וועט לאָזן ביי זיך זיין טאָכטער אלס פרוי. ער האָט אים פאַרזיכערט, אז ער וועט עס קענען דורכפירן מיט דער הילף פון פערסישן קעניג דריוש — דער לעצטער דריוש — ביי וועמען ער איז א גרויסער חשוב געווען, פון וועמען ער איז באַשטימט געוואָרן אלס דער גובערנאַטאָר פון שומרון.

און סנבלט איז צופרידן געבליבן מיט די הבטחות פון זיין שווער און ער האָט פאַרלאָזן יהודה און איז איבערגעגאַנגען צו די כותיים.

אמת, ער האָט ניט אזוי גיך געקענט זען די הבטחה, וואָס זיין שווער האָט אים געגעבן, רעאַליזירט. ער האָט ניט אזוי גיך געקענט אין אַמט פון כהן גדול זיך זען באַקליידעט. דורך דעם, וואָס דער לעצטער פערסישער קעניג דריוש, איז אין די מלחמות זיינע מיט אלכסנדר מלך מוקדון ארייגעצויגן געוואָרן, האָט געמוזט אָפּגעלייגט ווערן די דאָזיקע רעאַליזירונג אויף א שפּעטערדיקער צייט. אין עטלעכע יאָר ארום איז אָבער דער מאָמענט פון דער דאָזיקער רעאַליזירונג געקומען. די דערלויבעניש דעם טעמפּל אויף דעם הר גריזים צו בויען, האָבן די כותיים ניט פון דריושן באַקומען, נאָר פון אלכסנדר מוקדון, נאָך די פולשטענדיקע נצחונות, וואָס ער האָט אָפּגע־

האלטן איבער דריושן נאָך דעם, וואָס ער האָט ביי אים אויך אלע זיינע פראָווינצן אין סיריען פארנומען, נאָכדעם, וואָס ער האָט זיין הערשאפט אויך איבער יהודה פארשפרייט.

פארלירנדיק די האָפנונג, אז זיי זאָלן זיך קענען אין אידישן פאָלק אַנשליסן, האָבן די שומרונים, סוף כל סוף, אויך די שטרעבונג זייערע אויפגעגעבן, זיי זאָלן ווערן אין קערפער פון אידישן אָרגאַניזם באַ־העפט. פארלירנדיק די דאָזיקע האָפנונג, האָבן זיי אנשטאָט צו זוכן די מעגלעכקייט, ווי זיי האָבן ביז איצט געטאָן, צו קענען זיך אלס אידן באטראכטן דורך דעם, וואָס דאָס אידישע פאָלק זאָל זיי אין זיך אלס גלייכבאַרעכטיקטע מיטגלידער אריינגעמען, געזוכט איצט צו ערווערבן זי דורך דעם, וואָס זיי האָבן גאָר זיך אליין אלס דאָס אמתע אידישע פאָלק פראָקלאָמירט, דורך דעם, וואָס זיי האָבן גאָר אינגאנצן אָפגעזאָגט דעם אידישן ישוב אין יהודה, מיט וועמען זיי האָבן ערשט ניט לאַנג אזוי געגארט מחותנשאפט צו שליסן, דאָס רעכט אלס אידן זיך רופן.

פארלירנדיק יעדע האָפנונג זיי זאָלן צוגעלאָזט ווערן אין דער עבודה פון בית המקדש זיך צו באטייליקן, האָבן זיי איצט, סוף כל סוף, אויך אויפגעגעבן די שטרעבונג זייערע, זייער וואונטש צו רעאליזירן. ווען עס קומט די איבערצייגונג, אז עס זיינען שוין קיינע האָפנונגען ניטאָ, מען זאָל די ווינטרויבן קענען דערגרייכן דעמאָלט מוז מען זיי אלס זויערע דערקלערן. פאַרלירנדיק די האָפנונג צו קענען דינען צום אידישן גאָט פאראייניקט מיט די אידן אין בית המקדש פון ירושלים, האָבן זיי באשלאָסן צו דינען אים באזונדער אין אן אייגענעם טעמפל, וועלכן זיי האָבן אלס דעם איינציקן, דעם אמת היילקן דערקלערט.

דערויף אבער, אז זייערע באהויפטונגען, אז זייערע פרעטענזיעס זאָלן כאָטש אויגנשיינלעך א געוויסן האָפט האָבן, האָט סנבלט געזוכט, אַז די נייע אמת „אידישע" קהלה, וואָס ער גייט גרינדן, זאָל, וואָס מער אלס קאָפּיע פון דעם אידישן ישוב אין ארץ ישראל אויסקוקן; אז עס זאָלן אין איר אין א וואָס מער גרעסערן מאָסשטאָב די אלע טראַדיציאָנעלע אידישע אינסטיטוציעס פארטראָטן זיין. זייענדיק דעריבער זייער אויפגעלייגט פון דעם פאקט, וואָס ער וועט האָבן אן אמתן כהן גדול ביי אים אין בית המקדש, א ברודער פון דעם

כהן גדול, וואָס איז ביי דער אידישער באַפעלקערונג אין יהודה, איז זיין אמביציע געווען, צו פאַרגרעסערן דעם פּרעסטיזש פון זיין בית המקדש, דורך דעם וואָס עס זאָלן אין אים וואָס מער אמתע כהנים און לויים זיין.

און צו דעם צוועק האָט ער אינטריגירט צווישן פילע פון די כהנים און לויים, וואָס האָבן זיך, אין בית המקדש אין ירושלים געפונען, מיט דער אבזיכט, זיי זאָלן צו אים אין בית המקדש איבער־גיין.

און די דאָזיקע אינטריגן זיינע האָבן זיך אויך מיט א געוויסן דערפאָלג געקרוינט.

ער האָט פיל געלט צעטיילט צווישן פילע כהנים און לויים, ער האָט פילע פון זיי אויך ערד צוגעזאָגט און וואוינונגען און דורכדעם האָט זיך אים איינגעגעבן, אז מאנכע פון די כהנים און לויים, אויף וועלכע ער האָט זיין נעץ פאַרוואָרפן, זאָלן זיך לאָזן איבעררעדן, און זיי זיינען צו מנשהן צוגעשטאנען, צו באַזעצן זיך צוזאַמען מיט אים ביי די שומרונים.

און צוזאַמען מיט די כהנים און די לויים זיינען איבערגעגאנגען צו די שומרונים אויך וויניקע אנדערע עלעמענטן פון אידישן ישוב אין יהודה. די ברייטע פאָלקס שיכטן זיינען געווינלעך אונעמפינד־לעך צו רעליגיעזע אויפטרייסלונגען, אפילו — אָדער הויפּטזעכלעך — צו אזוינע וואָס זיינען פון פּראָגרעסיוון, רעפאָרמאטאָרישן כאַראַקטער עס געפינען זיך אָבער צווישן זיי שטענדיק אזוינע, די מער פּראָסטערע עלעמענטן, וואָס זיינען גרייט שטענדיק די ערשטע צו זיין וואָס זאָלן פון יעדער נייער רעליגיעזער אויפטרייסלונג, ווי אומלאָגיש, ווי אומ־וויכטיק זי זאָל ניט זיין, פאַרכאַפּט ווערן, און אָט אזוי האָבן זיך אויך דאָן צווישן די ברייטע שיכטן פון אידישן ישוב אייניקע פּראָסטע עלעמענטן געפונען, וואָס זיינען באַאיינפלוסט געוואָרן פון דער פּאַ־סירונג, וואָס איז פאַר זייערע אויגן פאָרגעקומען, און זיי זיינען פון שטראָם פאַרטראָגן געוואָרן.

און די דערשיינונג האָט זיך נאָך אויך שפּעטער מיט יאָרן, דאָן, ווען דער טעמפּל איז שוין אויפגעשטעלט געוואָרן אויף דעם הר גריזים, געלאָזט מערקן. אויך דאן פלעגט טרעפן, אז אייניקע פּראָסטע מענטשן פון די ברייטע פאָלקס שיכטן פלעגן פאַרלאָזן דעם אידישן ישוב אין יהודה און גיין אָנשליסן זיך אין ישוב פון די שומרונים.

אויב איינער איז באשולדיקט געוואָרן — שרייבט יוסיפון — ביי די פון ירושלים, אז ער האָט א דבר טמא געגעסן, אָדער אז ער האָט מחלל געווען דעם שבת, אדער ער איז אן ענלעכן פאַרברעכן באַגאַנגען פלעגט ער אוועקלויפן צו די איינוואוינער פון שכם און דערציילן דאָרטן, אז מען האָט אים מיט אומרעכט באַשולדיקט.

ט"ז

# ענדערונגען אין די באַציאונגען צווישן די פערסער און די אידן

די אויפשטאנדן קעגן דער פערסישער הערשאפט אין די טעריטאָריען, וואָס האָבן זיך מיט ארץ ישראל געגרעניצט. — דאָס פאַרהאַלטן זיך פון די אידן אין אר ץישראל צו די דאָזיקע אויפשטאנדן. — די פילע צרות, וואָס עס זיינען דורך אָט יענע אויפשטאנדן פאר זיי פאַראורזאכט געוואָרן. — די גייסטיקע ירידה פון די פערסער. — די דאָזיקע גייסטיקע ירידה האָט אן אנטאַגאָניזם צווישן די לעצטע און די אידן געשאפן. — צרות ווידער אמאָל פון די שומרונים.

און אויך אין דער פּאָליטישער לאַגע פון אידישן ישוב אין יהודה האָבן זיך געוויסע אומגינסטיקע מאָמענטן גע'פונען, זיינען געוויסע ענדערונגען ארייננעטראָטן צייטנווייז אין משך פון די לעצטע פאָר צענדליק יאָרן פון דער פערסישער הערשאפט איבער יהודה.

אין די לעצטע יאָרן פון ארטארקסערקסעס דעם צווייטן און אין די יאָרן פון ארטארקסערקעס דעם דריטן זיינען פאָרגעקומען פארזוכן מצד די פירערס פון עגיפּטישן פאָלק צו באפרייען עגיפּטן פון פערסישן יאָך, צו מאַכן ווידער אמאָל עגיפּטן אומאָפּהענגיק. און דאָס אייגענע איז אויך פאָרגעקומען אין פעניציען. און דאָס האָט מיטגעבראכט דערצו, אז יהודה זאָל פון א באַאומרוהיגענדן מלחמה טומל אָפטמאָל ליידן, אז דער אידישער ישוב זאָל אן ארענא פאר היין און הער גייענדע און קומענדע מיליטערישע מחנות זיין. אי די פערסישע מחנות, וואָס זיינען געגאנגען קיין עגיפּטן און קיין פעני־ציען צו באַקעמפן דאָרטן די רעבעלן, אי די עגיפּטישע מחנות, וואָס זיינען געגאַנגען קיין פעניציען העלפן די רעבעלירנדע עלעמענטן

דאָרטן אין זייער קאַמף מיט דעם פּערסישן חיל, ווי אויך די גריכישע חיילות, וואָס דער אָדער יענער פון די קעמפנדע צדדים האָט געדונגען, זיי זאָלן ביי זיי אין מיליטער דינען, האָבן געמוזט דורך די גרעניצן פון יהודה דורכגיין.

אמת, די אידן אליין האָבן קיין אַקטיוון אנטייל ניט גענומען אין דעם דאָזיקן קאַמף. די רעבעלירנדע אונטער דער פּערסישער הערשאַפט אונטערוואָרפענע פּראָווינצן אַרום יהודה, האָבן דעם אידישן ישוב ניט געקענט אריינציען אין דעם רעוואָלט אַנטקעגן פּערסיען. אין צענטער פון די אַמביציעס פון אידישן פאָלק איז ניט געשטאַנען איצט די דערגרייכונג פון מיליטערישע שטאַרקייט, פון גרויסן פּאָליטישן דערפאָלג. א פאָלק פון א שטאַרק ענטוויקלטער מאָראַלער קולטור, זיינען זיי דאַן שוין אינגאַנצן פריי געווען פון מלחמה אינסטינקטן, פון קעמפן פאַר אומבאַגרעניצטע פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט, נאָר גלאַט אזוי צוליב דעם קאַמף אליין. זייער אויפמערקזאַמקייט, זייער ענערגיע האָבן זיי פאַרנוצט אין א גאַנץ אַנדער ספערע פון אינטערעסן. אזוי לאַנג, ווי זיי האָבן קיין פּאָליטישן דרוק ניט געפילט אונטער דער פּערסישער הערשאַפט, האָבן זיי זיך אין קיינע פּאָליטישע אַוואַנטורן ניט געוואָלט אריינלאָזן. אזוי לאַנג ווי זיי זיינען ניט געשטערט געוואָרן אין דעם אַלעם, אין וועלכן זיי האָבן דעם הויפּט עלעמענט פון זייער לעבן געזען, אזוי לאַנג, ווי זיי זיינען ניט געשטערט געוואָרן אין זייער אינערלעך לעבן, אין קענען פריי גאָט דינען, זיך קענען מיט דעם שטודיום פון דער תורה באַשעפטיקן, אין אירע פאָרשריפטן זיך האַלטן, האָט זיי ניט געאַרט, וואָס זיי האָבן ניט געהאַט קיין פולשטענדיקע פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט, וואָס זיי זיינען אונטער פרעמדער הערשאַפטאונטערוואָרפן געווען. און דעריבער האָבן זיי ניט נאָר דעם מוסטער פון די שכנים זייערע ניט נאָכגעטאָן, אויך זיי זאָלן א פּאַרזוך מאַכן פון דער פּערסישער הערשאַפט זיך באַפרייען, נאָר זיי האָבן אויך ניט געוואָלט אירגנד וועלכע הילף געבן צו די רעוואָלטירנדע פּראָווינצן. זיי זיינען אינגאַנצן פון דערוווייטנס פון קאַמף געשטאַנען. צוליב אַלעס דעם אָבער, וואָס איז אַרום זיי פאָרגעקומען, צוליב דעם, וואָס אַרום זייערע גרעניצן איז שטענדיק דער טומל פון די קעמפנדע צדדים קאָנצענטרירט געווען,

האָט, ווי שוין פריער געזאָגט, אויך אין יהודה די אומרואיקייט פון מלחמה צייטן זיך געפילט.

און ניט שטענדיק איז זיי נאָר אין אָט דער פאסיווער פאָרם אויסגעקומען צו ליידן דורך די מלחמות, וואָס זיינען ארום זיי געפירט געוואָרן.

אָפטמאָל איז זיי אויסגעקומען צו ליידן דורך זיי אויך אין א מער שארפער, און א מער אקטיווער פאָרם, אין דער פאָרם פון ארויפגעצוואונגענע אויף זייביישטייערונגען און אָפּצאָלונגען, וואָס זיי האָבן געמוזט דעם אדער יענעם צד געבן.

און אויסער די אומגינסטיקע ענדערונגען, וואָס זיינען אריינ־געטראָטן אין דער פּאָליטישער לאַגע פון ישוב אין יהודה צוליב די אויבנדערמאָנטע מלחמות, איז די פּאָליטישע לאגע פון דער אידישער באַפעלקערונג אין יהודה צום ערגערן פארענדערט געוואָרן אין געוויסע קורצע פעריאָדן יאָרן פון אָט דער עפּאָכע, וועגן וועלכער מיר ריידן דאָ, אויך צוליב דעם, וואָס די באַציאונגען צווישן די פּערסער און די אידן זיינען דאן פון אן אנדער כאראַקטער געווען, ווי זיי זיינען פריער געווען.

מיר האָבן שוין אמאָל געהאט אָנגעוויזן, וואָס פאר א גוואלדיקער פאקטאָר עס איז געווען אין דעם, עס זאָל דער שיקזאל פון אידישן פאָלק אָננעמען אָט די ריכטונג, וואס ער האָט אָנגענומען נאָכדעם, וואָס בבל איז אונטער דער פּערסישער הערשאפט אונטערגעפאלן. דער פאקט, וואָס דאָס פּערסישע פאָלק איז וויניקער ווי אלע אנדערע פעלקער, וואָס האָבן צו יענער צייט א וויכטיקע ראָלע אין דער מענטשלעכער געשיכטע געשפּילט, געצנדינעריש געווען. דער פאקט, וואָס ווען זיי האָבן זיך מיט דעם אידישן פאָלק פּנים אל פּנים באַ־געגנט, האָבן זיי פאר זיך א פאָלק דערזען, וואָס קען זיי אלס גע־בענטשטער מוסטער דינען מיט זייער ריינע רעליגיעזע באַגריפן, וואָס קען זיי די גרעסטע הילף זיין אין זייער שטרעבונג צו געלייטערטן גלויבן אין גאָט צו קומען. דאָס, וואָס זיי זיינען נאָענטער פון אלע אנדערע פעלקער צום אידישן פאָלק געשטאנען אין זייערע רעליגיעזע באַגריפן, האָט אן אינטימע פריינדשאפט געשאפן צווישן פּערסישן און אידישן פאָלק, האָט געשאפן די נויטיקע באַדינגונגען פאר דעם

אידישן פאָלק, עס זאָל קענען דערגרייכן אָט יענע הויכע מדרגה, וועלכע זיי האָבן אונטער דער פערסישער הערשאפט דערגרייכט.

די פיינערע, ריינערע רעליגיעזע באַגריפן האָבן אָבער אין משך פון אָט יענע יאָרן, וועגן וועלכע מיר ריידן דאָ, אָנגעהויבן פאַר־שווינדן פון פערסישן פאָלק. אונטערפאלנדיק אונטער פרעמדן איינ־פלוס, אונטער דעם איינפלוס פון די פרעמדע פעלקער, וואָס האָבן באַוואוינט די פראָווינצן, איבער וועלכע זיי האָבן זייער הערשאפט פארשפרייט, האָבן זיי ווי יענע פעלקער, געצנדינערייַ אָנגעהויבן צו פראַקטיצירן. באזונדערס האָט א צוציאונגס־קראפט געהאט פאר זיי דער אפראדיטא קולט, דער רעליגיעזער צערעמאָניאל פון דעם אופן דינען צו דער געטין פון שפע אפראדיטא. די נצחונות, וואָס זיי האָבן אָנגעהאלטן איבער די פעלקער קעגן וועלכע זיי האָבן מלחמות גע־פירט, האָבען אין זיי א נייגונג געשאפן צו זינלעכע פארגעניגנס. דער אפראדיטא קולט האָט דעריבער שטארק אפעלירט צו זיי.

און ווי דאָס פאָלק, אזוי איז אויך דער פערסישער הויף מיט דעם נייעם שטראָם פאַרטראָגן געוואָרן. דער קעניג ארטעקסערקסעס דער צווייטער האָט סאַנקציאָנירט דאָס דינען צו דער געטין אפראדיטא און האָט בילדער פון איר געשטעלט איבעראל אין דער גרויסער קעניגרייך זיינער.

און דאָס אלעס האָט געבראכט דערצו, עס זאָל איצט אן אנטאַ־גאָניזם געשאפן ווערן צווישן דעם פערסישן פאָלק און דער אידישער באַפעלקערונג אין פערסיען, אן אנטאַגאָניזם, וואָס האָט אויך אויף דער לאַגע פון דעם אידישן ישוב אין ארץ ישראל רעפלעקטירט.

די לעצטע יאָרן פון זיין הערשאפט האָט ארטאקסערקסעס געזוכט אויך ארויפצווינגען מיט געוואלד מיטלען דעם עבודה זרה קולט אויף דעם אידישן ישוב אין יהודה. זיין פאַרזוך, האָט זיך, נאַטיר־לעך, מיט קיין דערפאָלג ניט געקרוינט. דערווייל אָבער האָבן די אידן אין יהודה געהאט אויסצושטיין פילע ענויים צוליב דעם. איינ־מאָל האָט ער אויך א געוויסע צאָל אידן פון לאַנד ארויסגעטריבן. ער האָט די ארויסגעטריבענע פארשיקט קיין הורקאניא אויף די ברעגן פון שווארצן ים.

און צוליב די שלעכטע באַציאונגען פון פערסישן הויף צו דעם

אידישן ישוב האָט די אידישע באַפעלקערונג אין יהודה אויך פון די שומרונים פיל צרות געהאט אויסצושטיין. ווען די לעצטע האָבן געזען, אז דער פערסישער הויף באַציט זיך מיט שנאה צו דער אידי־שער באַפעלקערונג אין יהודה, האָבן זיי געזוכט צו שלאָגן קאַפיטאַל דערפון, האָבן זיי געזוכט אויסצונוצן דעם דאָזיקן פאקט, זיי זאָלן וואָס מער שאַדן ברענגען די אידן. זיי האָבן איצט צוריק אָפגענומען איניקע גרעניצן געגענדן, וואָס זיי האָבן געמוזט פריער אָפטרעטן די אידן.

---

אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אלעם, וואָס מיר האָבן ביז אהער געשריבן וועגן די פארערגערטע באַציאונגען מצד די פערסישע הער־שער צום אידישן פאָלק, באַדאַרף דאָ אויך דערמאָנט ווערן דער ספור המעשה, וואָס מיר געפינען אין מגלת אסתר. אוודאי קען ניט דאָס דאָזיקע ווערק — וועגן דעם ריין ליטעראַרישן און דידאַקטישן ווערט פון וועלכן עס זיינען אזוי פיל חלוקי דעות פאַראַן: עס איז באוואוסט לוטערס באַציאונג צו דעם דאָזיקן בוך פון די הייליקע שריפטן. ער האָט באַדויערט, וואָס אַזאַ ווערק האָט געפונען פלאַץ פאַר זיך צווישן די אנדערע ביכער פון תנ״ך — אין פולע הונדערט פּראָצענט אלס היסטאָרישער דאָקומענט באַטראַכט ווערן. אוודאי איז אוממעגלעך אָנצונעמען בנוגע די אלע פּאַסירונגען און געשעענישן, וואָס ווערן דאָרטן דערציילט, אז מיר האָבן דאָ מיט ווירקלעכער געשיכטע צו טאָן. אוודאי זיינען פּילע שילדערונגען, וואָס ווערן אונדז דאָרטן געגעבן ניט מער ווי נאָר בעלעטריסטישע באַפּוצונגען.

פונקט אָבער, ווי עס איז אוממעגלעך אָט יענע אלע פּרטים, וואָס ווערן אונדז דאָרטן געגעבן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער הויפּט פאַבולא פון ווערק, אלס היסטאָרישן אמת צו אקצעפּטירן, אָט אזוי איז זיכער אויך קיין גרונד ניטאָ, מיר זאָלן זיך דארפן באַטראַכטן אלס געצוואונ־גענע דאָס דאָזיקע ווערק איגנאָרירן צו פאַרוואַרפן.

אין עיקר אינהאַלט זיינעם מעג מען ווירקלעך דאָס דאָזיקע ווערק—מגלת אסתר—אלס היסטאָרישן דאָקומענט באַטראַכטן.

און אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס מיר האָבן פריער געשריבן וועגן די ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען פאַר דעם משך פון די לעצטע 80־70 יאָר פון דער פערסישער הערשאַפט, באַדאַרף מען

אָננעמען, אז דער אחשורוש, וועגן וועלכן עס ווערט דערציילט אין מגלת אסתר, איז ארתחשסתא דער צווייטער און דער הויפּט אינהאלט פון די פּאַסירונגען, וועגן וועלכע עס רעדט זיך דאָרטן, איז פאַר־בונדן מיט די לעצטע יאָרן פון זיין הערשאַפט, ווען די אידן, וואָס האָבן זיך אין די פערסישע טעריטאָריען געפונען, האָבן דאַן פון רעליגיעזע פאַרפאָלגונגען אָנגעהויבן צו ליידן.

און ווען מיר זעען, אז דער צורר היהודים — דער פּראָטאָטיפּ פון די אלע שפּעטערדיקע שונאי ישראל — המן בן המדתא אפּעריַרט הויפּטזעכלעך אין זיין העצן דעם קעניג קעגן די אידן מיט דעם מאָטיוו פון „זייערע מנהגים אונטערשיידן זיך פון די מנהגים פון די איבעריקע פעלקער און די קעניגלעכע געזעצן היטן זיי ניט" — איז אַ גענוגנדער גרונד פאַראן אָנצונעמען, אז אויף וויפיל מיר האָבן דאָ אין דער מגלת אסתר אין די הויפּט מאָמענטן, אויף וועלכע דער גאַנצער ספּור המעשה, וואָס ווערט דאָרטן דערציילט, איז געבויט, אן אמתע היסטאָרישע געשעעניש, איז די דאָזיקע געשעעניש פאָרגעקומען אין אָט יענער צייט, וועגן וועלכער מיר האָבן פריער גערעדט, אין יענער צייט, ווען דאָס רעליגיעזע לעבן פון די פערסער האָט אָנגעהויבן באַרג אַראָפּ צו גיין.

מען באַדאַרף אָננעמען, אז א געוויסער מאָמענט פון אָט יענע מאָמענטן, אין וועלכע די פערסער האָבן שנאה צו די אידן מאַניפעס־טירט, אין וועלכע די אידן האָבן פון פאַרפאָלגונגען געהאט אויסצו־שטיין, איז געווען איינער, וואָס האָט זיך מיט באזונדערן קאַטאַסטראָפאַלן אינהאלט אויסגעצייכנט, אין וועלכן עס זיינען שווערע וואָלקנס פון סכנה גרויסער איבער דער אידישער באַפעלקערונג אין פערסיען גע־האַנגען. און אָט דער מאָמענט האָט עס געדינט פאַר דעם אנאָנימן מחבר פון מגלת אסתר מיט א דור אדער צוויי דורות שפּעטער, ער זאָל דאָס ווערק זיינס שאַפן.

און עס איז ניט נויטיק איבערצוגעבן דאָ דעם גאַנצן ספּור המעשה, ווי ער ווערט אין מגלת אסתר דערציילט. דער אינהאלט פון מגלת אסתר איז אפשר פאַר א אידישן לעזער מער ווי דער אינהאלט פון די אלע אנדערע תנ"ך ספרים באַקאַנט. מיר וועלן אים — דעם ספּור המעשה איבערגעבן דאָ נאָר אין דעם הויפּט אינהאלט זיינעם,

אויף וויפיל עס איז נויטיק דאָס צו טאָן אין צוזאַמענהאנג מיט דעם מעגלעכן פאַרבינדן פון די געשעעענישן, וועגן וועלכע עס ווערט דאָרטן דערציילט, מיט דער צייט פון קעניג ארתחשסתא.

מרדכי, איינער פון די חשובסטע און אָנגעזעענסטע אידן אין פּערסיען קומט צו מאכט און איינפלוס אין קעניגלעכן הויף. זיין פלימעניצע, די שיינע אסתר, ווערט גענומען אין קעניגלעכן הארעם, נאָכדעם, ווי דער מלך אחשורוש האָט ארויסגעגעבן א באַפעל, אז „ושתי זאָל מער ניט קומען פאר אים, און איר מלכהשאפט זאָל איבערגעגעבן ווערן צו אַן אנדערער, וואָס איז בעסער פון איר" — און זי פארנעמט ושתיס פּלאַץ אלס קעניגן. און נאָך אָט דער פּאַסי־רונג איז המן בן המדתא דערהויבן געוואָרן פון אחשורושן, ער זאָל דער אויבערהאַר זיין איבער די אלע הארן זיינע. האָט ער א בייז האַרץ געהאט אויף מרדכין דערפאר וואָס ער—מרדכי—האָט ניט געוואָלט זיך בוקן און קניען צו המנן, ווי אלע אנדערע אין הויף האָבן דאָס געטאָן — און ער האָט אלץ געטראכט ווי אָפּצורעכענען זיך מיט מרדכין. איז אים „וויניק געווען, ער זאָל זיין האַנט לעגן נאָר אויף מרדכין אליין", נאָר ער האָט געזוכט צו פאַרטיליקן אויך דאָס גאנצע פאָלק זיינס, די „אלע אידן, וואָס געפינען זיך אין גאנצן קע־ניגרייך פון אחשורוש". הויבט ער אָן העצן פאר דעם קעניג קעגן דעם אידישן פאָלק. ער שילדערט זיי פאר אים אלס א געפערלעך פאָלק, „וואָס איז צעזייט און צעשפרייט איבער דער גאנצער אימפעריע זיינער, זייערע געזעצן זיינען אנדערש פון די געזעצן פון אלע אַנדערע פעלקער, און זיי זאָגן זיך אָפּ צו פאָלגן די געזעצן פון קעניג". המנס העצעס ווערן מיט דערפאָלג געקרוינט. ער קריגט דעם מלכס חתימה אויף א באַפעל, מען זאָל פּאַגראָמירן די אידן, וואָס געפינען זיך אין די פארשיידענע פּערסישע טעריטאָריעס, אין א יאָר ארום פון זינט דער באַפעל איז ארויסגעגעבן געוואָרן. דער באַפעל איז ארויסגעגעבן געוואָרן דעם דרייצנטן טאָג פון ניסן און די הריגות אויף אידן זיינען באַשטימט געוואָרן אויף דעם דרייצנטן אדר פון דעם זעלבן יאָר, דאָס הייסט: פּונקט אין עלף חדשים ארום. די הריגות זיינען באַשטימט געוואָרן אויף דער דאָזיקער צייט, ווארום אויף דעם דאָזיקן חודש און אויף דעם דאָזיקן טאָג האָט געוויזן דער גורל.

וואָס המן האָט געוואָרפן איידער ער איז געגאנגען בעטן דעם קעניג, ער זאָל ארויסגעבן דעם באפעל, מען זאָל פארטיליקן די אידן, וואָס געפינען זיך אין זיין מלוכה — כדי אויסצוגעפינען, וואָס פאר א חודש און וואָס פאר א טאָג קענען פאר אים מזלדיקע זיין.

און אז דער באפעל איז באקאנט געוואָרן, איז געוואָרן א גרויס געוויין איבעראל וואו אידן האָבן זיך אין פרס געפונען. און אין נאָך פיל מער טרויער זיינען געווען די אידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער הויפט־שטאָט פון פערסיע, אין שושן. די אידן דאָרטן האָבן נאָך מער ווי די אידן אין די אנדערע שטעט אין פאסטן און בעטן גאָט פאַרבראַכט. און מרדכי האָט געלאָזט וויסן וועגן דער סכנה, וואָס דראָט די אידן אין פערסיען, צו אסתרן, וואָס אין קעניגלעכן הויף האָט מען ניט געוואוסט, אז זי שטאַמט פון אידן. זי לאדט איין דעם קעניג אויף א מאָלצייט, וואָס זי האָט פאר זיי צוגעגרייט, און דאן בעט זי ביי אים פאר דעם לעבן פון איר פאָלק. זי האָט געזאָגט צו אים: „אויב איך האָב געפונען לייטזעליקייט אין דיינע אויגן, קעניג, און אויב דעם קעניג איז דאָס וואוילגעפעלן, זאָל מיר מיין לעבן און דאָס לעבן פון מיין פאָלק געשאָנקן ווערן". „ווארום מיר זיינען פארקויפט געוואָרן. איך און מיין פאָלק, צום פארטיליקן, צום הרגנען, און צום אומברענגען". און דער מלך אחשורוש האָט זיך דאן אָנגערופן און געזאָגט צו אסתר המלכה: „ווער איז דער און וואו איז דער, וואָס זיין הארץ האָט אים דערוועקט אזוינס צו טאָן?" האָט אסתר געזאָגט, אנווייזנדיק אויף המנן: „אָט דער צורר און פיינט אונדזערער, דער דאָזיקער בייזער המן."

דער קעניג אחשורוש האָט געהייסן דאן, מען זאָל באלד אויפ־הענגען המנן. און מכח דעם באַפעל, וואָס עס איז ארויסגעגעבן גע־וואָרן אין זיין נאָמען, מען זאָל מאַכן הריגות אויף אידן, האָט ער צו אסתרן אזוי געזאָגט: „איר שרייבט וועגן די אידן, ווי עס איז גוט אין אייערע אויגן, אין נאָמען פון מלך. ווארום א שריפט, וואָס איז געשריבן אין נאָמען פון מלך און געחתמעט מיט דעם זיגל־רינג פון מלך קען ניט צוריקגערופן ווערן." איז באלד א נייער באַפעל אָנגע־שריבן און געחתמעט געוואָרן, אין וועלכן עס איז דערלויבט געוואָרן די אידן צו אָרגאַניזירן זעלבסטשוץ און קעגנשטעלן זיך מיט געווער קעגן די שונאים זייערע, וואָס וועלן אָנפאַלן אויף זיי — און

דער באַפעל איז באַלד „צעשיקט געוואָרן צו די אידן, צו די סאַטראַפּן און די פירשטן און די הארן פון די מדינות, וואָס פון הודו ביז כוש, הונדערט און צוואַנציק מדינות״. און אזוי ארום איז דער ערשטער באַפעל פון קעניג גאָר אינגאנצן בטל געוואָרן כאָטש אָפיציעל איז ער ניט צוריקגערופן געוואָרן. דורך דעם צווייטן באַפעל האָט ער די גאנצע ממשות זיינע אָנגעוואָרן, און דער אינהאַלט פון צווייטן באַפעל האָט זיין אינהאַלט פאַרביטן.

ענדיקן ענדיקט זיך דער ספור המעשה אין דער מגלת אסתר דער־מיט, וואָס עס ווערט דערציילט דאָרטן, אז ווען דער טאָג, וואָס המן האָט באַשטימט צו פאַרטיליקן אין אים די אידן—איז געקומען, זיינען די אידן מיט געווער אין די הענט באַפאַלן זייערע שונאים און האָבן פילע פון זיי געהרגעט אין דער הויפּט שטאָט שושן ווי אויך אין די פּראָווינץ שטעט. אויך די צען זין פון המן בן המדתא זיינען אין יענעם טאָג געהרגעט געוואָרן, און נאָכדעם האָט מען זייערע טויטע קערפּערס אויף תליות אויפגעהאנגען.

דער אָנפאַל האָט געדויערט דעם גאנצן דרייצנטן טאָג, און אין שושן איז ער אויך דעם פערצנטן טאָג פאָרטגעזעצט געוואָרן. און צום אָנדענקען פון אָט יענע געשעענישן פייערט מען דעם יום טוב פורים — פור — גורל אין פערסיש — בכל תפוצות ישראל דעם 14טן טאָג אין אדר. ווארום „אין*) 14טן טאָג פון אדר האָבן זיי גערוט און האָבן אים געמאכט פאַר א טאָג פון א סעודה און א שמחה״. אויסער די אידן אין שושן, וואָס האָבן געמאכט זייער יום טוב אין 15טן טאָג — און זיי האָבן גענומען אויף זיך דאן, אז דער דאָזיקער יום טוב זאָל קיינמאָל ניט בטל ווערן״ ביים אידישן פאָלק, ניט אין זייער צייט און ניט אין די אלע שפּעטערע צייטן.

---

און עס בעדאַרפן דאָ אויך דערמאָנט ווערן די טרויעריקע גע־שעענישן, וואָס די אידישע מיליטערישע קאָלאָניע אין יעב—עלפאַנטינע —האָט איבערגעלעבט מיט ארום א דור פריער. די דאָזיקע קאָלאָניע האָט זיך געפונען אין דרום מצרים אויף איינעם פון די אינזלען פון נילוס. אידן אין מצרים האָבן זיך געפונען נאָך אידער עגיפּטן איז

---

*) די אלע ציטאַטן דאָ זיינען לויט יהואשס איבערזעצונג.

אונטערגעפאלן אונטער דער הערשאפט פון די פערסער. זיי האָבן זיך געפונען דאָרטן נאָך פון דער צייט, ווען פילע פון די איינוואוינער פון יהודה זיינען אַנטלאָפן אַהין אין די לעצטע מאָמענטן פון חורבן בית המקדש און חורבן ירושלים — ווי דאָס אלעס ווערט אין ירמיה דערציילט. און נאָכדעם, ווען די ערשטע פערסישע קעניגן האָבן מצרים איינגענומען, זיינען גרויסע צאָלן פון דער אידישער באַפעל־קערונג דאָרטן אויפגעפאָדערט געוואָרן פון דער פערסישער מאַכט, זיי זאָלן דינען ביי זיי אין מיליטער. מיט זיי זיינען אָנגעפילט געוואָרן די רייען פון דער אינערלעכער מיליטערישער וואַך, וואָס מען האָט באדארפט האַלטן ביי די גרעניצן פון עגיפטן. מורא האָבנדיק אָנ־צוטרויען די באוואכונג פון די פעסטונגען דאָרטן די עגיפטער, האָבן זיי פאר דעם צוועק די אידישע איינוואוינער פון מצרים באשטימט.

און נאָך מער, ווי די אידען אין די אנדערע פערסישע לענדער, זיינען די אידן אין מצרים פריווילעגירט געווען. זיי האָבן גענאָסן פון די גוטע באַציאונגען פון דער פערסישער מאכט צו זיי און האָבן וויכטיקע סאָציאלע און פאָליטישע פאָזיציעס פארנומען. מיט דער צייט איז גאָר א גרויסער טייל פון דעם אידישן ישוב אין מצרים קאָנ־צענטרירט געוואָרן אין עקסטרעמן דרום אין דער סווענע — ווערט דערמאָנט אין יחזקאל כ״ט — געגנד, אזוי, אז זיי האָבן געהאט דאָרטן — אין דער דערמאָנטער יעב — אויך אן אייגענעם טעמפל אויף צו פראווען דאָרטן זייער גאָטעס דינסט, און זיי האָבן דאָרטן אויך קרבנות מקריב געווען.

דער דאָזיקער טעמפל האָט זיך געפונען אין עקזיסטענץ שוין אין קאמביזעס צייטן. ווען ער האָט איינגענומען מצרים — ווערט דער־ציילט אין די דאָקומענטן, וואָס זיינען געפונען געוואָרן דורך דעם אידישן אַרכעאָלאָג אָטאָ ראבינזאָן אין די אויסגראָבונגען, וואָס ער האָט דורכגעפירט אין יענעם געגנד און וואָס פון זיי ווייסן מיר אָט דאָס אלעס, וואָס ווערט דאָ דערציילט וועגן די יעב געשעענישן — האָט ער די אלע טעמפלען פון די מצרימשע געטער צעשטערט, אבער ער האָט גאָר ניט אָנגערירט פון דעם דאָזיקן טעמפעל״, „פון דעם דאָזיקן מזבח הויז פון גאָט אין הימל, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן שוין גאָר לאַנג פאר קאמביזיסן״.

מער ווי הונדערט יאָר איז דער דאָזיקער טעמפּל אומבאַרירט געשטאַנען און אָט איז פּלוצלונג א בייזער מאָמענט פאַר דער עקזיס־טענץ זיינער געקומען. אין דער צייט פון דריוש דעם צווייטן — 404־424—אין א מאָמענט, ווען דער פּחה איבער מצרים איז אָפּגע־פאָרן פון דאָרטן אין קעניגלעכן הויף, האָבן די פאַנאַטישע פּריסטער פון גאָט האַנוב חרוב ונחרב געמאַכט דעם אידישן טעמפּל פון יעב, אין אַן איבערפאַל, וואָס זיי האָבן אויף אים אָרגאַניזירט, און האָבן אַנגערויבט פאַר זיך דאָס גאַנצע גאָלד און זילבער, וואָס עס האָט זיך דאָרטן געפונען. אין דעם דאָזיקן איבערפאַל האָבן זיך אויך באַטייליקט די נידעריקערע לאָקאַלע פּערסישע באַאַמטע, וואָס האָבן זיך אונטער דער אויבערהערשאַפט פון דעם אָפּוועזנדן פּחה געפונען. אממערסטן האָט זיך אויסגעצייכנט איינער פון זיי מיט דעם נאָמען ווידראַנג. און לויט דער אינפאָרמאציע, וואָס די אויבנדערמאָנטע דאָקומענטן גיבן אונדז, האָבן די אלע, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם איבערפאַל זייער שטראָף פון דער פּערסישער מאַכט באַקומען. „דער האַר פון הימל״ — לייענען מיר דאָרטן — „האָט אונדז געוויזן נקמה אין דעם דאָזיקן הונט ווידראַנג. מען האָט אים אָנגעטאָן קייטן אויף די פיס און דאָס גאַנצע פאַרמעגן, וואָס ער האָט זיך איינגעשאַפט, האָט ער פאַרלאָרן, און די אלע מענטשן, וואָס עס האָט זיך זיי פאַרגלוסט שעדיקן דעם דאָזיקן טעמפּל, זיינען אלע אויסגעהרגעט געוואָרן און מיר האָבן געזען נקמה אין זיי״.

ווי עס ווייזט אויס, איז אין אָט יענעם איבערפאַל אויף דעם טעמפּל אין יעב אויך א פּאָליטישער מאָמענט געווען פאַרמישט. אין יענער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן די בונטן אין מצרים געגן דער פּערסישער מאַכט. דאָס חרוב מאַכן פון דעם טעמפּל איז ניט נאָר אַן אָקט פאַראורזאַכט פון רעליגיעזער אייפערזוכט פאַר דעם גאָט חאַנוב געווען, נאָר אויך אַן אַקט פון נקמה נעמען אין דער אידישער באַפעל־קערונג פאַר דער פריינטשאַפט, וואָס די פּערסישע מאַכט האָט צו זיי ארויסגעוויזן, אַן אויסדרוק פון רעוואָלט קעגן דעם קעניגלעכן הויף, וואָס האָט געהאַט די אונטערגעקויפטע סאַנקציע פון די נידעריקערע לאָקאַלע באַאַמטע. און דעריבער האָט די פּערסישע מאַכט אַזוי שווער באַשטראָפט די באַטייליקטע אין דעם איבערפאַל אויף דעם טעמפּל.

דאָ אָבער קומען מיר צו דעם פונקט פון דעם ספור המעשה, וואָס אין אים ליגט דער הויפט מאָטיוו פאַר דעם, וואָס מיר האָבן פאַר נויטיק געפונען צו ריידן דאָ אין צוזאַמענהאַנג מיט דער טעמע, וואָס מיר באַהאַנדלען אין דעם דאָזיקן קאַפיטל, וועגן דער געשעעניש, וואָס ער — אָט יענער ספור המעשה — דערציילט אונדז.

ווייטער ווערט דאָרטן דערציילט, אַז די אידן אין יעב האָבן זיך געווענדעט צו יוחנן דעם כהן גדול און צו די איבעריקע כהנים און צו די האַרן פון ירושלים, זיי זאָלן אויספועלן ביי דער פערסישער מאַכט אַ דערלויבעניש פאַר זיי, זיי זאָלן מעגן צוריק אויפבויען דעם טעמפל זייערן. פון דאָרטן האָבן זיי אבער קיין ענטפער ניט געקראָגן. דאָס באַווייזט אונדז וואָס פאַר אַ חשיבות דער ישוב אין ארץ ישראל האָט געהאַט אין די אויגן פון דער דאַמאָלסדיקער אידי־שער וועלט: אויך אין די קהלות, וואָס האָבן זיך אויסערהאַלב פון ארץ ישראל געפונען, זיי האָבן אַלע זיין אויטאָריטעט אנערקענט הן בנוגע גייסטיקע ענינים און הן בנוגע פּאָליטישן איינפלוס.

ניט נאָר מיט רעליגיעזע פראַגן האָבן זיי זיך צו די אידן אין ארץ ישראל געווענדעט, נאָר אויך ווען זיי האָבן זיך אין אַן עת צרה געפונען, האָבן זיי ביי זיי הילף געזוכט. אויך ווען זיי האָבן זיך גענויטיקט אין גנאָד פון דער פערסישער מאַכט, האָבן זיי דעם דאָזיקן גנאָד דורך דער הילף פון דעם אידישן ישוב אין ארץ ישראל געזוכט.

און וואָס אַמבאַלאַנגט זייער השתדלות אַ נייעם טעמפל אויף דעם פּלאַץ פון פאַרבּרענטן אויפשטעלן, איז אַזוי געווען. קיין תשובה פון ירושלים האָבן זיי ניט געקראָגן. די פירער פון ישוב האָבן געטראַכט אפנים, אַז בדיעבד, אַז זיי האָבן שוין אַנגעוואוירן דעם טעמפל, וואָס זיי האָבן געהאַט דאָרטן, איז גלייכער, אַז עס זאָל שוין בלייבן אַזוי. דער ענין פון בויען טעמפּלען און מקריב זיין קרבנות אויסער ירושלים האָט באַדאַרפט זיי זיין ניט צום האַרצן; ניט אין איינקלאַנג מיט זייער שטרעבונג, אַז ירושלים זאָל זיין דער גייסטיקער צענטער פאַר אַלע אידן, און פון דאָרטן זאָל זיך תורה און גלויבן פאַר אַלע אידישע קהלות פאַרשפּרייטן, אַז די קדושה פון בית המקדש זאָל ניט געמינערט ווערן דורך קאָנקורירנדע מיט אים אַנדערע צענטרן אַזוינע.

די אידן פון מצרים האָבן זיך דעריבער געווונדט נאָכדעם צו באגוהי דעם פערסישן פחה וואָס אין יהודה און צו שלמיהו און דליה, סנבלטס דעם פחה פון שומרון זין, זיי זאָלן זיי העלפן אין זייער נויט. און פון זיי האָבן זיי ווירקלעך זייער הילף געקראָגן. זיי האָבן גע־קראָגן די דערלויבעניש צו בויען א נייעם טעמפל, מיט דעם באדינג אבער, אז קיין קרבנות פון לעבעדיקע באַשעפענישן זאָל מען אין אים ניט ברענגען.

## י״ז

# דער אייגנארטיקער גאַנג פון דער אידישער געשיכטע

**דער איינפלוס פון דער פערסישער רעליגיע אויף דער פאָרמירונג און ענטוויקלונג פון דעם אידישן רעליגיעזן לעבן. — פאַלשע באַהויפּטונגען. — פאַקטאָרן און אָנרעגער. — פלאַכער ראַציאָנאַליזם און וויסנשאַפטלעכע אויסשטעלעריי. — קנאה און שנאה געפילן. — פלאָנטערן זיך אין דעטאַלן. — אז מען זעט ניט דעם וואַלד, קען מען אין אים אויך דעם איינצלנעם בוים ניט זען.**

פילע פון די ניט־אידישע צווישן זיי אויך אייניקע אידישע געלערטע ריידן וועגן דעם איינפלוס, וואָס די רעליגיע פון די פערסער האָט אויסגעאיבט אויף דער אידישער רעליגיע פאר דער צייט, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט זיך געפונען אונטער דער פערסישער הערשאַפט, אין פאָזיטיווע און קאַטעגאָרישע טערמינען. און ניט נאָר זיינען זיי זיכער, אז די ענטוויקלונג פון דער אידישער אמונה און פון אידישן דת אין דער נייער פאָזע, אין וועלכער זי איז אריינגעטראָטן אין דער תקופה פון גלות בבל, איז געשטאַנען די גאנצע צייט אונטער דעם איינפלוס פון דער פערסישער רעליגיע, נאָר זיי זיינען אויך זיכער, אז די דאָזיקע ווירקונג איז אויך פון גאָר געוואלדיקער באַדייטונג — פון ענטשיידנדער, אויסשליסלעכער זאָגאר — געווען. זיי רעדן וועגן דער ווירקונג פון דער פערסישער רעליגיע אויף דעם אידנטום ניט אין דעם זין, אז געוויסע מאָמענטן אירע האָבן געדינט אלס אנרעגער פאר דעם אידנטום, אין אָט יענער עפּאָכע, אין וועלכער דאָס אידישע פאָלק האָט זיך אונטער דער פערסישער הערשאַפט געפונען, אז עס זאָל זיך אמאָל אין א זייטיקער ריכטונג פארנעמען. זיי ריידן וועגן דעם פערסישן איינפלוס אויף דער אידישער רעליגיע ניט אין דעם זין, אז די אדער יענע באַשטאַנד טיילן פון דער פער־

סישער רעליגיע האָבן אויסגעאיבט זייער איינפלוס אויף געוויסע רעגיאָנען פון דער אידישער רעליגיע אין א אופן פון א געוויסער פארבונג, געוויסן קאלאריט זיי צוצוגעבן. זיי רײדן וועגן דעם אלעם אין א פיל מער קאָנקרעטן, פיל מער דירעקטן וועג. לויט זיי נאָך קומט אויס, אז דער דאָזיקער איינפלוס איז אזוי ווייט געגאנגען אין זיין פונקציע, ביז געשטאלטונג צו געבן דעם אידנטום פון יענע דורות. ער האָט דעם עצם מהות פון אידנטום, ווי עס האָט זיך אין יענע דורות געשטאַלטעט, ארויסגעבראכט. ער האָט דעם גאנצן כאַראַקטער, שיעור ניט דעם גאנצן אינהאלט זיינעם געשאפן. ווען מען זאָל זיי גלויבן, קומט אויס, אז נאָר א דאנק אָט יענעם איינפלוס איז דאָס אידנטום אין יענער עפּאָכע געוואָרן דאָס, וואָס עס איז געוואָרן דאן.

די דאָזיקע באַהויפּטונג האָט אבער קיין האַפּט ניט, ניט נאָר, ווען מיר נעמען זי אין דער איבערטר״בענער פאָרם, אין וועלכער זי ווערט פון אירע טרעגער געמאכט, נאָר אויך דאן, ווען מיר נעמען זי אין א פיל געמילדערטער פאָרם.

דער אמת איז, אז ווען מען האָט אין זינען ניט די אדער יענע באזונדערע עלעמענטן אין די רעליגיעזע קאָנצעפּציעס פון אידישן פאָלק פאר יענער צייט, די אָדער יענע איינצלנע ריטועלע איינפי־רונגען, נאָר מען האָט פאר די אויגן דאָס גאנצע בילד פון דעם רעלי־גיעזן ווידערגעבורט פון אידישן פאָלק אין יענער צייט, פון זיין קולטו־רעלער אויפבליאונג, פון זיין מאָראלער דערהויבונג, זעט מען, אז עס קען דאָ קיין רייד ניט זיין וועגן פערסישן איינפלוס, ניט נאָר אין דעם זין פון דאָמינירנדן, אויסשליסלעכן פאקטאָר, נאָר אויך אין אירגענד וועלכן זין פון גרויס באַדייטונג אים צוצושרייבן. ווען מען האָט דאָס אלעס אין זינען, ווערט קלאָר, אז די אלע שיינע דעראָבע־רונגען, וואָס דאָס אידנטום האָט דעראָבערט אין יענער צייט, אז די אלע הויכע פונקטן, וואָס דאָס אידנטום האָט דערגרייכט אין דעם ענטוויקלונגס פּראָצעס זיינעם פאר יענער צייט, זיינען א פּראָדוקט ניט פון פרעמדן איינפלוס געוועזן, נאָר א פּראָדוקט פון אן אינערלעכן פּראָצעס, א פּראָדוקט פון דער שרעקלעכער קאטאסטראָפע, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט איבערגעלעבט, פון דעם גרויסן איבערברוך, וואָס

עס איז אין זייער נשמה פאָרגעקומען, ווען זיי זיינען פון לאַנד פאַרטריבן געוואָרן, פון דער מאָראַלער דערהויבונג, צו וועלכער זיי האָבן דורך דער דאָזיקער קאַטאַסטראָפע דערגרייכט.

פאַרפירט פון פלאַכן ראַציאָנאַליזם, פון וויסנשאַפטלעכער אויס־שטעלעריי, ניט פאַרמאָגנדיק אַט יענעם קולטיווירטן איינגעבוירענעם חוש פאַר אונדזער געשיכטע, וואָס איז ביי די טיפערע אידישע פאַר־שער אַ פּראָדוקט פון דערציאונג, פון פאַרבערענגען פילע יאָרן אין אַ באַשטימטער, פאָסיקער, אים — אַט יענעם חוש — ארויסברענגענדער אטמאָספערע, אַ מין בירושה איבערגייענדער אינסטינקט; פאַרפירט פון דעם אלעם, ניט פאַרמאָגנדיק דאָס אלעס, צוזאַמען דערמיט, וואָס זיי זיינען דערצו נאָך באוואוסט און אומבאַוואוסט באהערשט פון אַ געפיל פון ניט פארגינען דעם אידישן פאָלק די קדושה, וואָס שוועבט איבער געוויסע פעריאָדן יאָרן פון זיין געשיכטע, דעם נשמה יתירה גלאַנץ, וואָס שיינט ארום איר, די הערלעכע דערהויבנקייט, וואָס שוועבט איבער איר, זיינען זיי באַרויבט פון דער מעגלעכקייט, זיי זאָלן קענען צוגיין צו איר אויף יענעם אייגנאַרטיקן אופן, אויף וועלכן מען בע־דאַרף צו איר צוגיין. זיי קענען ניט צוגיין צו איר אינטים, ווי אַן אייגענער, פילנדיק זיך אינערלעך פארבונדן מיט איר. זיי לעבן זי ניט דורך. זיי לעבן זי ניט איבער. זיי שרייבן שטענדיק וועגן איר, ווי שטייענדיק פון דרויסן. זיי קומען אין איר אינווייניק ניט אריין. זיי ווערן ניט אסימילירט מיט איר, זיי קענען ניט זען די אידישע געשיכטע אלס איין גרויסן — פון פערפעקטער גאַנצקייט דורכגעדרונגען — ענטוויקלונגס פּראָצעס. זיי קענען ניט זען די וואונדערלעכע האר־מאָניע, וואָס הערשט אין איר, די אָרגאַנישע באַהעפטקייט פון איין עפּאָכע און דער צווייטער עפּאָכע פון אונדזער געשיכטע. זייער אויער איז ניט מסוגל אויפצוכאַפּן די הויפּט מאָטיוון וואָס קומען צו זייער אויסדרוק — אלע מאָל, אמת, אין מער פּאָלקאָמען, מער ענטוויקלטן טאָן, אין אַ מער קאָמפּליצירטער פאָרם — אין די אלע פאַרשיידענע תקופות פון אונדזער געשיכטע. און ניט זעענדיק, ניט זוכענדיק דאָס גאַנצע, פּלאָנטערן זיי זיך דעריבער אין דעטאַלן שטענדיק. ביי זיי איז אידישע געשיכטע אַ קאָלעקציע פון באַזונדערע פראַגמענטן. יעדער קאַפּיטל אידישע געשיכטע ווערט פון זיי כמעט, באַזונדער געשריבן,

ניט אין צוזאַמענהאנג מיט דעם, וואָס גייט פאַר דעם, און מיט דעם, וואָס גייט נאָכדעם. זיי נעמען די אדער יענע איינצלנע מאָמענטן פון דער אידישער געשיכטע, די אָדער יענע דעטאַלן, וואָס זיינען די אייגנטלעכע שפּראָצונגען פון אַ געוויסער תקופה אין איר, ניט אלס רינגען באַהעפטע פון איין גאַנצער, ניט אונטערבראָכענער קייט, ניט אין צוזאַמענהאנג מיט די פאר זיי און נאָך זיי גייענדע מאָמענטן. זיי נעמען אָט יענע דעטאלן אָפּגעריסן פון דעם באָדן, אויף וועלכן זיי זיינען אויסגעוואקסן, אָפּגעפרעמדט פון דער אטמאָספערע, וואָס האָט זיי ארומגערינגלט. און דעריבער מוזן אויך זייערע באַלייכטונגען, דערקלערונגען, אויסטייטשונגען וועגן די דאָזיקע דעטאלן אין די מערסטע פעלע אלס פאַלשע זיך ארויסווייזן. האָבנדיק אין אויג נאָר די דעטאַלן אליין, ווערן זיי לייכט פארפירט, האָבן זיי די מעגלעכקייט צו רעאליזירן דעם באהאלטענעם וואונש זייערן, דעם אָריגינעלן, אייגנ־אַרטיקן גאַנג פון דער אידישער געשיכטע צו קליין געלט מאַכן, ווערן זיי לייכט פארפירט, זיי זאָלן זוכן די פאקטאָרן, וואָס האָבן די דאָזיקע דעטאלן געשאפן אין אויסערלעכער ווירקונג, אין פרעמדן איינפלוס, ניט אלס פענאמענען פון אַ פּראָצעס פון אינערלעכער ענטוויקלונג, פון אָרגאַנישן ארויסוואקסן.

און אָט אזוי קומען זיי יענע פאָרשער, וועגן וועלכע איך האָב פריער גערעדט, אויך דאָ אין דעם, וואָס זיי שרייבן וועגן דעם איינ־פלוס, וואָס די פערסער האָבן אויף דער ענטוויקלונג פון אידנטום אויסגעאיבט, צו פאַלשע באַאורטיילונגען און באַהויפּטונגען דורך דעם, וואָס זיי פלאָנטערן זיך אין דעטאַלן, אויף וועלכע זיי קאָנצענטרירן זייער גאַנצע אויפמערקזאמקייט.

צוליב די בוימער קענען זיי דעם גאַנצן וואַלד ניט זען. צוליב דעם אָבער, וואָס זיי זעען דעם וואלד ניט, קענען זיי אויך די בוימער אליין ניט זען. ווארום אנדערש איז דער בוים, ווען מען זעט אים באַזונדער, ניט אין די אים איינהילנדע שאָטנס פון קאָלעקטיוו, אַ טייל פון וועלכן ער איז, ווי דאַן, ווען מען זעט אים צוזאַמען מיט די אַלע איבעריקע טיילן פון דעם גאנצן, צו וועלכן אויך ער באַלאַנגט. אַנדערש איז דער בוים ווען מען באטראכט אים אלס בוים פון וואַלד, ווי דאַן, ווען מען באַטראַכט אים פאר זיך אליין, אלס אַ באזונדער קעגנשטאַנד.

זיי — אַט יענע פאַרשער — האָבן געזען, אז פאר דער צייט, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט זיך אונטער דער פּערסישער הערשאפט געפונען, זיינען די און יענע דעטאלן אריינגעבראכט געוואָרן אין דעם ריטואלן סיסטעם פון אידישן פאָלק, זיינען די אדער יענע נייע עלעמענטן אריינגעבראכט געוואָרן אין די רעליגיעזע קאָנצעפּציעס זייערע, האָבן זיי אויף דעם אלעם זייער גאנצע אויפמערקזאמקייט קאָנצענטרירט; איז ווידער פאר זיי דעריבער דאָס גאַנצע, אין וועלכע אַט יענע טיילן זיינען אָנגעהעפט, גאָר אינגאַנצן און הינטערגרונד געבליבן, גאָר אינגאנצן פון זיי פארקוקט געוואָרן. זיי האָבן אין יענע איינצעלנע מאָמענטן, אין יענע דעטאלן שיעור ניט דעם גאַנצן אינ־האַלט פון אידישן רעליגיעזן סיסטעם, פון אידישן ריטואַל געזען. און היות ווי זיי האָבן געפונען, אז די דאָזיקע עלעמענטן און דעטאַלן האָבן א געוויסע ענלעכקייט מיט פּאַראַלעלע עלעמענטן און דעטאַלן פון פּערסישע רעליגיעזע קאָנצעפּציעס, האָבן זיי אלס איבערגענומענע פון די לעצטע זיי באַטראַכט. און אזוי ארום זיינען זיי געקומען צו דער באַהויפּטונג, אז די געשטאַלטונג פון אידישקייט אין דער עפּאָכע, וועגן וועלכער מיר ריידן דאָ, איז פאַרגעקומען אונטער דעם צייכן פון פּער־סישן איינפלוס, אז שיעור ניט די גאַנצע פילפארצווייגטע רעליגיעזע קולטור, וואָס האָט זיך אין אזא ריזיקן מאסשטאב פאנאנדערגעבליט אין יענער עפּאָכע, איז א פּראָדוקט געווען פון אויסערלעכער ווירקונג, פון פרעמדע פאַקטאָרן.

מען בעדארף אבער, ווירקלעך, זען אויסצומיידן די טעותן, וואָס יענע פאָרשער מאַכן. מען בעדארף פארזיכטיק זיין, ניט צו פאַר־פּלאָנטערן זיך אין דער נעץ פון דעטאלן, אין וועלכע זיי פארפּלאָנ־טערן זיך. מען בעדארף, ווירקלעך, געדענקען שטענדיק, אז די דאָזיקע אלע דעטאלן און מאָמענטן זיינען ניט מער ווי איין קליינער טייל נאָר פון א גרויסן גאַנצן, וועלכער בעדארף דעריבער אונטער אונדזער אויפמערקזאמקייט שטיין די גאנצע צייט, וואָס מיר גיבן זיך מיט אונדזער שטודיום וועגן זיי אָפּ.

און מיידט מען אויס אַט יענע טעותן, מיידט מען אויס אַט יענעם פלאָנטער, נעמט מען אַט יענע דעטאלן און מאָמענטן טאַקע ניט מער ווי נאָר אלס אזעלכע, נאָר אלס איינצלנע טיילן פון דעם גאנצן, צו

וועלכן זיי באַלאַנגען, זעט מען, אז מען בעדארף כלל ניט זוכן די אורזאכע פון זייער ענטשטיין אין אויסערלעכן איינפלוס, אין פרעמדער ווירקונג; זעט מען, ווי איך האָב דאָס שוין פריער געזאָגט, אז זיי זיינען אָרגאַניש פארבונדן מיט דעם גאַנצן, א טייל פון וועלכן זיי זיינען; זעט מען, אז טראָץ זייער ענלעכקייט מיט פאראלעלע טיילן אויף ענלעכע געביטן אין דער פרעמד, זיינען זיי אין אמתן ניט קיין איבערפלאַנצונג, נאָר א נאַטירלעכע ענטוויקלונג פון אינווייניק. און דאן ווערן שוין די אלע באַהויפּטונגען וועגן דעם גוואַלדיקן איינפלוס, וואָס די פּערסער און די פּערסישע רעליגיע האָבן אויסגעאיבט אויף דער געשטאַלטונג פון אידנטום, ווען די אידן האָבן זיך אונטער דער פּערסישער הערשאַפט געפונען, ווי רויך פארשוואונדן. עס ווערט דאַן קלאָר, אז מען קען ריידן דאַן נאָר וועגן דעם, אז אויף אן אינדירעקטן אופן איז אויף דער ענטוויקלונג פון אידנטום א געוויסער פּערסישער איינפלוס אויסגעאיבט געוואָרן, אין דעם זין, וואָס די גייסטיקע ענט־וויקלונג פון אידישן פאָלק האָט געקענט אומגעשטערט פאַנאַנדער־בליען זיך, א דאנק דעם, וואָס זי האָט געהאט פאר זיך גינסטיקע דערויף אומשטענדן די גאנצע צייט, וואָס די אידן האָבן זיך אונטער דער פּערסישער הערשאפט געפונען. עס ווערט דאן קלאָר, אז אויב מען קען ריידן וועגן דעם פּערסישן איינפלוס אויף דעם אידנטום קען מען דאָס טאָן נאָר אין דעם זין, אז געוויסע עלעמענטן פון דער פּער־סישער רעליגיע, געוויסע סאָציאלע איינפירונגען אין לעבן פון פּערסישן פאָלק האָבן געשפּילט די ראָלע פון אן אָנרעגער, ארויסצוברענגען אין דער אידישער רעליגיע געוויסע פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן, וואָס זיינען אין איר געלעגן באַהאַלטן, די ראָלע פון אן אָנרעגער, עס זאָלן זיך אויך אין איר ענלעכע עלעמענטן ענטוויקלען, די ראָלע פון אַן אָנרעגער, עס זאָלן זיך אין איר ענטוויקלען בייע עלעמענטן, וואָס ענטהאלטן אין זיך ניט קיין סתירה צו די הויפּט פּרניציפּן אירע, צו דעם אלגעמיינעם גייסט, וואָס הערשט אין איר: עס קען אָבער קיין רייד ניט זיין וועגן דירעקטן, דאָמינירענדן איינפלוס.

און די גאַנצע פאַלשקייט, די גאנצע אומזיניקייט פון אזוינע באַ־הויפּטונגען זעט זיך ארויס, ווען מען פארגעסט ניט, אז די געשטאַלטונג פון אידנטום, ווי מיר זעען זי אפילו אויך אין די לעצטע יאָרן פון

דער צייט, ווען די אידן האָבן זיך אונטער דער פערסישער הערשאַפט געפונען, איז שוין פאָרגעקומען אין דער תקופה פון גלות בבל, אין יענעם גרויסן מאָמענט פון עקזאַלטירטן צוריקקער פון אידישן פאָלק צו גאָט, נאָך אײדער די אידן זיינען אין נאָענטער, אינטימער באַרירונג מיט דעם פערסישן פאָלק געקומען. עס זיינען שוין דאָן די וויכטיקסטע טיילן פון דעם גאַנצן בנין פון דער פארבנרייכער, פילפארצווייגטער רעליגיעזער קולטור, וואָס מיר קאָנסטאטירן ביים אידישן פאָלק אין די לעצטע יאָרן פון זייער געפינען זיך אונטער דער פערסישער הער־שאפט — אויפגעשטעלט געוואָרן. אלעס, וואָס איז וויטער פאָרגע־קומען אויף דעם געביט, איז געוועזן ניט מער ווי ערגענצונגען, פאר־שטאָרקונגען, פארשענערונגען. די אלע נייע שאפונגען זיינען געוועזן ניט מער, ווי נאָר די וויטערדיקע ענטוויקלונג פון די הויפט פרינציפן, וואָס דאָס אידנטום האָט שוין אין יענעם דור אָנגענומען.

י״ח

# די אידישע און די פערסישע טומאה וטהרה דינים

דער כלומערשטער גרויסער איינפלוס אויף דעם געביט פון די טומאה וטהרה דינים אין אידישן רעליגיעזן סיסטעם. — דער ענין פון טומאה וטהרה ווערט שוין אין דער תורה מיט דער גרעסטער אויספירלעכקייט באַהאַנדלט. — די פיל פארצווייגטע טומאה וטהרה דינים פון די פערסער זיינען א פראָדוקט פון א שפעטערער צייט. — די גרויסע מעגלעכקייט דאָס ענטשטיין פון די פערסישע טומאה וטהרה דינים דעם אידישן איינפלוס צוצושרייבן.

גאָר גרויסן פערסישן איינפלוס זעען אייניקע פאָרשער אויף דעם געביט פון די טומאה־טהרה דינים, וואָס מיר געפינען אין יענער עפּאָכע ביים אידישן פאָלק. זיי געפינען אין יענער עפּאָכע אייניקע נייע דקדוקים אין די שוין פון גאָר פריער נאָך עקזיסטירנדע טומאה־טהרה דינים ביים אידישן פאָלק, זיי געפינען די פארמירונג צו יענער צייט פון א טענדענץ ביים אידישן פאָלק, וואָס מער מרבה בחומרות זיין אין די ענינים פון טומאה און טהרה — איז דאָס אלעס שוין גענוג פאַר זיי צו ריידן וועגן דעם גרויסן איינפלוס, וואָס די פערסער האָבן אויסגעאיבט אויף דעם אידישן פאָלק בנוגע דעם ענטשטיין פון די טומאה וטהרה דינים אין זיין רעליגיעזן סיסטעם. איז דאָס אלעס שוין גענוג פאר זיי, ניט נאָר די נייע צו יענער צייט צוגעקומענע פרטים אין די טומאה וטהרה דינים, וואָס האָבן פון פריער נאָך ביים אידישן פאָלק עקזיסטירט, דעם פערסישן איינפלוס צו צושרייבן, ניט נאָר די אויבנדערמאָנטע טענדענץ, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מערקן דאָן אין אידישן לעבן, אלס פּראָדוקט פון יענעם איינפלוס צו באַטראַכטן: נאָר דאָס אלעס איז שוין אויך גענוג פאר זיי דערויף, אז צוליב דער ענלעכקייט, וואָס געפינט זיך צווישן פילע פערסישע און אידישע טומאה וטהרה דינים, זאָלן זיי שיער ניט די אלע דינים,

וואָס געפינען זיך אויף דעם טומאה וטהרה געביט אין רעליגיעזן סיסטעם פון אידישן פאָלק, אונטער דעם צייכן פון פערסישן איינפלוס שטעלן, אלס איבערגענומענע פון די פערסער באַטראַכטן.

ווי קאַטעגאָריש די דאָזיקע באַהויפּטונג זאָל אָבער ניט געמאַכט ווערן, איז כלל ניט שווער די פאַלשקייט אירע צו באַווייזן.

טראָץ די אייניקע נייע עלעמענטן, וואָס זיינען אריינגעטראָגן געוואָרן אין משך פון דער תקופה, וועגן וועלכער מיר ריידן, אין דעם אידישן טומאה וטהרה סיסטעם, איז דאָס דאָזיקע סיסטעם שוין גאָר פריער ניט נאָר אין די אלע אלגעמיינע פרינציפּן זיינע, נאָר אויך אין זיינע מערסטע דעטאלן פאַלשטענדיק פאָרמירט געוואָרן. שוין אין דער תורה ווערט דער ענין פון טומאה וטהרה מיט דער גרעסטער אויס־פירלעכקייט באַשפּראָכן. דאָרטן ווערן ברייט ארומגערעדט אי די פרינציפּן, די מאָטיוון פון די טומאה וטהרה דינים, אי די אלע אופנים, אין וועלכע די דאָזיקע פרינציפּן זאָלן קענען זייער תיקון האָבן. מיר געפינען אין איר א פיל פאַרצווייגטן רעגלאַמענט פון פארשידענע ענינים אויף דעם דאָזיקן געביט.

דאגעגן זיינען די פיל פארצווייגטע טומאה וטהרה דינים פון די פערסער א פּראָדוקט פון א שפּעטערער צייט. די דאָזיקע אלע טומאה וטהרה דינים זיינען ארויסגעוואַקסן אויף דעם באָדן פון דער זאַראָאַס־טישער רעליגיע מיט פילע יאָרן שפּעטער, ווי די אידישע טומאה וטהרה דינים האָבן געפונען זייער אויסדרוק אין דער תורה.

און אויב אלזא, מען קען ריידן וועגן פרעמדער ווירקונג, וועגן איבערנעמען פון דרויסן, ווען מען שטעלט זיך אָפּ אויף דער ענלעכקייט וואָס עקזיסטירט צווישן די פערסישע און אידישע געזעצן אויף דעם טומאה וטהרה געביט, קען עס דעריבער נאָר צום גונסטן פון דער אידישער אמונה, ניט פון דער פערסישער, געטאָן ווערן.

ווען מען האָט דאָס אלעס אין זינען ווערט קלאָר, אז אויב מען קען, זיכער ניט צושרייבן דאָס ענטשטייען פון די אידישע טומאה וטהרה דינים צום פערסישן איינפלוס, איז אָבער דערפאר דאָ א גרויסע מעגלעכקייט דאָס אנטשטיין פון די פערסישע טומאה וטהרה דינים דעם אידישן איינפלוס צו צושרייבן.

און אי די באהויפּטונג, אז די אידישע טומאה וטהרה דינים זיינען ניט אונטער דעם צייכן פון פערסישן איינפלוס ענטשטאַנען,

און אי די השערה, אז דאָ איז נאָך א פארקערטער פּראָצעס פאָרגע־קומען, אז די ענטשטייאונג פון די פּערסישע טומאה וטהרה דינים זיינען אונטער דעם אידישן איינפלוס ענטשטאַנען, אז זיי זיינען פון אידישן פאָלק איבערגענומען געוואָרן, ווען די פּערסער זיינען אין באַרירונג מיט אים געקומען, קריגן נאָך מער האַפּט, ווען מיר שטעלן זיך אָפּ אויף דעם גוואַלדיקן אונטערשייד, וואָס געפינט זיך צווישן די פּערסישע טומאה וטהרה געזעצן און צווישן די אידישע, כאָטש זיי זיינען אויסערלעך אזוי ענלעך צווישן זיך; ווען מיר שטעלן זיך אָפּ אויף דעם גוואַלדיקן אונטערשייד, וואָס צווישן די יסודות, אויף וועלכע די ערשטע באַזירן, און די יסודות, אויף וועלכע די לעצטע באַזירן. ווארום עס טיילט ווירקלעך א תהום א טיפער פאנאנדער די מאָטיוון און צוועקן פון די אידישע טומאה וטהרה פאָרשריפטען און די, וואָס זיינען אויסגעוואקסן אויף דעם באָדן פון דער זאַראָאַסטרישער רעלי־גיע.

ווען מיר נעמען די אידישע טומאה וטהרה דינים אין צוזאמענהאנג מיט די יסודות זייערע, אויף וועלכע זיי ווערן אין דער תורה אוועק־געשטעלט, אין צוזאַמענהאנג מיט די מאָטיוון, וואָס ווערן אין דער תורה אָנגעגעבן פאר זיי, אין צוזאַמענהאנג מיט די צילן, וואָס זיי דארפן דערגרייכן, לויט דער פאָרמולירונג פון דער תורה, קענען זיי ניט — ניט דערשיינען פאר אונדזערע אויגן אלס אן אייגענע אָריגי־נעלע פאָלקס שאפונג, אלס א פּראָדוקט פון אינערלעכער ענטוויקלונג.

און דאגעגן, ווען דו טוסט דאָס זעלבע מיט די פּערסישע טומאה וטהרה דינים, ווען דו שטעלסט זיך אָפּ אויף די יסודות, אויף וועלכע זיי באַזירן, אויף די צילן וואָס זיי פארפאָלגן, קענסטו ווידער ניט — ניט דערפילן אין זיי אויף דעם שאַרפסטן אופן דעם עלעמענט פון נאָכאמונג דעם עלעמענט פון פארדרייען, פארפלאָנטערן פון דער פרעמד גענומענער פירונג.

„עס איז קלאָר די זאך פאר אונדז, אז מאכנדיק דעם צוג אירן פון מזרח פון איראן צו מערב צו האָט די זאַראָאַסטרישע רעליגיע צום ערשטן מאָל אנטליען די טומאה געזעצן פון אידנטום, וואָס מער זי האָט זיך דערנענט צו די גרעניצן פון יהודה, ניט פארשטייענדיק דעם יסוד אירן, און האָט פארקריפּלט זייער אינערלעך און אויסערלעך אויסזען".

„עס איז קלאָר, אז די עקזיסטענץ פון דער דאָזיקער שיטה, איר פארפאָלקאָמונג און פארברייטונג זיינען ניט קיין נויטווענדיקייטן פאַר דער ענטוויקלונג און אויך ניט פאר דער עקזיסטענץ פון זאראָאַס־טרישן דת און זיי ווערן ניט פאררעכנט אין איר אלס פונדאַמענטאַלער כח, וואָס גיט לעבן און באַוועגונג צום גאַנצן דת".*)

*) תולדות האמונות והדתות פון פראָפעסאָר א. מענזיס, אין דר. יעקב פרענ־קעלס איבערזעצונג.

## י"ט

# די גרונד פרינציפן אויף וועלכע עס באַזירן די אידישע און פּערסישע טומאה וטהרה געזעצן

די יסודות, אויף וועלכע די אידישע טומאה וטהרה דינים באַזירן, און די יסודות, אויף וועלכע עס באַזירן די טומאה וטהרה דינים פון די פּערסער. — דער סאַניטאַרער און היגיענישער כאַראַקטער פון די ערשטע טומאה וטהרה דינים, און דער מאַגישער און אבערגלויבערישער כאַראַקטער פון די לעצטע. — דעם מקור פון די פּערסישע טומאה וטהרה דינים באַדאַרף מען זוכן אין דעם גלויבן פון די פּערסער אין „שתי רשויות". — די מאָדנע קוריאָזן און קאָמישע פאַרשריפטן אין די פּערסישע טומאה וטהרה דינים. — דער פאַרבאָט מען זאָל די מתים ניט צוריק צו דער ערד אוועקגעבן, כדי די ערד זאָל דורך דעם ניט טמא ווערן.

די אידישע טומאה וטהרה געזעצן באַזירן אויף ריין מענטשלעכע און נאַטירלעכע יסודות. די צוועקן און צילן, וואָס זיי שטעלן זיך, זיינען, אז די אידישע ראַסע זאָל א ריינע און געזונטע זיין. זיי זיינען דעריבער נאָר מיט די דאָזיקע צילן און צוועקן אין אנקלאנג. זיי זיינען אלע פון א סאַניטארישן און היגיענישן כאַראַקטער. די דינים פון דער תורה, וועגן דער טומאה, וואָס קען קומען אויף א מענטשן דורך א טויטן מענטשלעכן קערפּער, דורך א נבלה פון א בהמה אדער חיה, די דינים וועגן נדה, זב ומצורע און די אלע אנדערע טומאה וטהרה דינים האָבן אלע אין דעם הויפּט אינהאלט זייערן א געזונטן, פאַרנינפטיקן באַזיס אונטער זיך. דו זעסט אין זיי דעם באגער פון דעם אידישן מחוקק, אז דאָס אידישע פאָלק זאָל ניט דורך פאַרנאַכלעסיקונג פון די היגיענישע, סאַניטאַרע פאָדערונגען דעגענערירט ווערן פיזיש; דעם באַגער זיינעם, אז דאָס אידישע פאָלק זאָל זיך

שטענדיק אויף א הויכער מדרגה פון ריינקייט, פון פאָלקאָמען געזונט געפינען.

די אלע פאָרזיכטיקייטן, די אלע פאָרבאָטן, וואָס מיר געפינען אין דער תורה אויף דעם געביט פון די אלע אויסגערעכנטע ענינים, טראָגן אין זיך די מעגלעכקייטן צו פארהיטן דאָס פאָלק פון אנשטעקנ־דיקע קראנקהייטן, צו האַלטן געשיצט דעם געזונט צושטאַנד זיינעם.

און פונקט ווי די דינים וועגן די ענינים, וואָס פאראורזאַכן טומאה פאַר דעם מענטשן, באַזירן אויף פאָרבינפטיקע יסודות, אזוי באזירן אויך די דינים וועגן דעם, ווי דער מענטש זאָל זיך פון זיין טומאה רייניקן, אויף פאָרנינפטיקע היגיענישע יסודות.

און דעריבער שפילט אזא גרויסע ראָלע אין די רייניקונגס מיטלען, וואָס די תורה שרייבט פאַר איינעם, וואָס איז טמא, דער ענין פון וואשן זיך אין וואַסער, וואָס איז ווירקלעך דער ווירקזאַמסטער און בעסטער מיטל אויף צו באַפרייען זיך פון יעדן שמוץ און אומריינקייט.

עס איז אין די אלע טומאה וטהרה געזעצן קיין מיסטעריען עלעמענט פאראן. זיי האָבן ניט זייער שרש אין מאגיק, אין אבער־גלויבן.

פון אַ גאַנץ אנדער כאַראַקטער זיינען אָבער די טומאה וטהרה געזעצן פון די פערסער. די אלע טומאה וטהרה ענינים, וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין „ווענדידאד", דאָס פערסישע רעליגיעזע בוך וועגן טומאה און טהרה, האָבן ניט קיין שום שייכות מיט מאָטיוון פון היגיע־נישן און סאַניטאַרן כאַראַקטער, מיט דער שטרעבונג צו באַזאָרגן זיך מיט מיטלען, וואָס זאָלן דעם קערפער פון מענטשן אין געזונטן און ריינעם צושטאַנד האַלטן. זיי האָבן אויך קיין שייכות ניט מיט מאָטיוון פון מאָראַלן און עטישן כאַראַקטער. די טומאה וטהרה פאָרשריפטן פון דעם ספר זיינען ניט אזוינע, וואָס זאָלן קענען זיין דער גורם פון טהרת הנפש אדער טומאת הנפש.

די פערסישע אָנשויאונגען וועגן ריין און אומריין באַזירן אויף זייערע מעטאַפיזישע אָנשויאונגען, אויף זייער דואַליסטישער קאָנ־צעפציע וועגן דער גאָטהייט, אויף זייער דואַליסטישן אופן פון אויפ־נעמען דאָס לעבן.

מיר האָבן שוין געשריבן איין מאָל וועגן דעם גלויבן פון די פערסער אין „שתי רשיות", אז די וועלט ווערט געפירט פון צוויי

קעמפנדע צווישן זיך כחות, דער כח הטוב, וואָס איז דער מקור פון אלץ וואָס איז ליכטיק, גוט און שיין אין לעבן, און דער כח הרע, וואָס איז דער מקור פון אלץ, וואָס איז פינסטער, מיאוס און שלעכט אין לעבן. די דאָזיקע צוויי כחות, דער אלהי האור והטוב און דער אלהי החושך והרע האָבן זיך לויט דעם דאָזיקן שתי רשויות גלויבן מיט דעם גאנצן אוניווערזום צוטיילט. יעדער איינער האָט זיך זיין רשות, וואָס געפינט זיך אונטער דער ממשלה זיינער, וועלכן ער זוכט אלץ מער צו פארגרעסערן אין דעם קאמף זיינעם, וואָס ער פירט שטענדיק קעגן דעם קאָנקורענט זיינעם.

און אין אָט דעם שתי רשויות גלויבן האָבן די אלע פערסישע טומאה וטהרה דינים דעם יסוד זייערן.

אלס טמא איז פון די פערסער באַטראַכט געוואָרן יעדע זאַך, וואָס האָט געקענט פאַררעכנט ווערן, לויט דער זאראָאסטישער לערע אלס דאָס אייגנטום פון בייזן גייסט, צי דערפאר, וואָס ער האָט זי גאָר פון אָנהויב אליין באשאפן אדער דערפאר וואָס ער האָט זי דערוואָרבן פאר זיך, דערפאר וואָס ער האָט זי אין זיין רשות איבערגענומען, ווי עס גייט איבער, למשל, דער קערפער פון מענטשן נאָך דעם טויט זיינעם אין רשות פון אחרימון — דער אלהי הרע — און ווערט דאן זיין אויסשליסלעך אייגנטום.

און דעריבער ווערט דער מענטש טמא לויט דער פערסישער געזעצגעבונג וועגן טומאה וטהרה ניט דערפאר, וואָס ער איז קראנק געוואָרן אויף אן אָנשטעקנדיקער דעגענערירנדער קראנקהייט, וואָס קען פון אים איבערגיין דירעקט אדער אינדירעקט צו די, וואָס געפינען זיך ארום אים, ווי עס באַזירן פילע טומאה וטהרה דינים, וואָס געפינען זיך אין דער תורה אויף דעם דאָזיקן פרינציפּ; ער ווערט אויך ניט טמא צוליב דעם, וואָס ער האָט די נשמה זיינע באפלעקט, וואָס ער האָט זיין גייסט פאראומרייניקט. ער ווערט באטראכט אלס אומריין נאָר דערפאר, וואָס ער האָט זיך אָנגערירט אָן אַ זאַך, וואָס געפינט זיך אונטער דער ממשלה פון די „דעווים" — די בייזע כחות — וואָס געפינט זיך אין זייער רשות, וואָס צוליב דעם ווערט ער אויך געשטעלט אין זייער רשות, פאלט ער אויך אונטער זייער בייזער השפעה.

און פונקט ווי די באַגריפן פון די פערסער וועגן די אורזאכן, וואָס קענען ברענגען טומאה אויף א מענטשן, באַזירן ניט אויף פאַרנינפטיקע יסודות, אזוי באַזירן אויך ניט אויף זיי די מיטלען, וואָס זיי האָבן דערויף, אז דער מענטש זאָל זיך פון זיין טומאה רייניקן. די דאָזיקע מיטלען זיינען ניט פון סאַניטאַרן כאַראַקטער, נאָר זיי זיינען אין מיס־טעריען איינגעהילט.

אין הויפט אינהאלט זייערן באשטייען זיי פון אזוינע השבעות און אָפּשפּרעכונגען, וואָס באַזיצן לויט דעם גלויבן פון די פערסער, א געהיימן כח דעם רוח הטומאה צו פאַרניכטן, דאָס הייסט, איבערצו־פירן דעם טמא קעגנשטאנד פון רשות פון בייזן גייסט אין רשות פון אלהי האור והטוב.

און צוליב דעם אלעם שטויסן מיר זיך אויך אָן אויף מאָדנע קוריאָזע און קאָמישע זאַכן אין די פערסישע טומאה וטהרה דינים. ניט נאָר שרייבן זיי ניט פאָר צו באַנוצן זיך מיט וואַסער אלס א מיטל, דורך וועלכן מען זאָל זיך פון טומאה רייניקן, נאָר זיי פאַרבאָטן עס גאָר צו טאָן.

ווארום די נאַטור יסודות: פייער, ערד און וואסער ווערן פון זיי אלס הייליקע באַטראַכט, און יעדער איינער וואָס וואגט אומריין זיי צו מאַכן אויף אירגענד וועלכן אופן ווערט עס אים פאר א שווערע זינד פאַררעכנט. און דעריבער איז פונקט, ווי מען טאָר ניט בלאָזן מיט דעם מויל אויף פייער, ווארום דורך דעם אָטעם וואָס גייט ארויס פון מויל איז דער מענטש מטמא דאָס פייער און ער איז מחלל את הקודש דערמיט, אזוי טאָר מען אויך ניט אומריין מאַכן דאָס וואסער. דער יעניקער, אלזא, וואָס וואשט זיין לייב אין וואסער, כדי ער זאָל פון זיין טומאה ריין ווערן, איז ניט נאָר האָט ער זיך פון זיין טומאה ניט געריייניקט, נאָר ער וועט אויך זיין שטראָף דארפן טראָגן דערפאר, וואָס ער האָט מטמא את הקודש געווען, דאָס הייליקע וואַסער אומריין געמאכט.

צוליב די באַגריפן, אויף וועלכע עס האָבן זייערע טומאה וטהרה דינים באַזירט זיינען די פערסער אויך צו א מאָדנעם אופן פון באַ־גראָבן זייערע מתים צוגעקומען.

ווי מיר האָבן שוין פריער וועגן דעם געשריבן, האָבן די פּערסער געגלויבט, אַז דער גוף ווערט טמא אין דעם מאָמענט, ווען דער מענטש שטאַרבט, ווייל ער ווערט איבערגעגעבן אין די הענט פון אלהי החושך און די בייזע שלוחים זיינע. און היות אי פייער און אי ערד איז ביי זיי פאַרהייליקט געוועזן, דעריבער האָבן די פּערסער פאַררעכנט עס אלס זינד צו באַגראָבן זייערע מתים אין דער ערד אָדער פאַרברענען זיי אין פייער, ווי עס האָבן זיך נוהג געוועזן דאַן די אַלע מזרח פעל־קער, כדי זיי זאָלן ניט מטמא זיין דעם יסוד האש און דעם יסוד העפר און דאָס האָט זיי געבראַכט דערצו זיי זאָלן זיך דערטראַכטן צו אַ זייער אָריגינעלן וועג, ווי אזוי זיי זאָלן זייערע מתים „מקבר" זיין.

זיי פלעגן אוועקלייגן דעם טויטן קערפּער, אַ נאַקעטן אָן אַ צודעק אינגאַנצן, אויף דעם שפּיץ פון אַ הויכן בנין, וואָס איז צו דעם צוועק אויפגעבויט געוואָרן, כדי ער זאָל פון די רויב־פויגלען אויפגעפרעסן ווערן.

פון דעם אלעם, אלזא, וואָס מיר האָבן געשריבן ביז אהער, איז צו זען, אַז אויב מען קען ריידן, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ענטשטיי־אונג און ענטוויקלונג פון די אידישע און פּערסישע טומאה־וטהרה געזעצן, וועגן דעם שטיין פון איינעם פון די דאָזיקע פעלקער אונטער דער ווירקונג פון איינפלוס פון צווייטן פאָלק, איז דאָס פאָלק, וואָס איז אונטער דעם דאָזיקן איינפלוס געשטאַנען, ניט דאָס אידישע פאָלק געוועזן, נאָר דאָס פּערסישע. דעם איינפלוס פון פּערסער אויף די אידן אין דער היגזיכט קען מען זען נאָר אין דעם, וואָס דער שטרענגער פּעדאַנטיזם, אין וועלכן די פּערסער האָבן זיך געהאַלטן אין די טומאה־טהרה ענינים נאָכדעם, וואָס זיי זיינען גאָר אינגאַנצן צו דעם געקומען איבער דעם וועג פון אונטערגעוואָרפן זיין אונטער דעם אידישן איינ־פלוס, דאָס שטרענגע מדקדק זיין זייערס אין די דאָזיקע ענינים, וואָס האָט זיי געפירט צו דעם, עס זאָל ביי זיי אַ ברייט, פיל פאַרצווייגט טומאה וטהרה סיסטעם געשאַפן ווערן, האָט אויסגעאיבט זיין איינפלוס, עס זאָל אין אַ געוויסן זין אויך ביים אידישן פאָלק אזא פּעדאַנטיזם זיך ענטוויקלען, עס זאָל אויך ביי אים אביסל איבערגעטריבענער געוויכט געלייגט ווערן אויף דעם טומאה וטהרה געביט פון זיין רע־ליגיעזן סיסטעם, עס זאָל ענטשטיין אַ טענדענץ ביי די אידישע רעלי־

גיעזע פאַרשטייער, וואָס מער מרבה בחומרות צו זיין אין די ענינים פון טומאה וטהרה.

דערביי בעדאַרף אָבער גלייך געזאָגט ווערן, אז פונקט, ווי די גרונט געזעצן פון דעם אידישן טומאה וטהרה סיסטעם באזירן אויף פאַרנינפטיקע, נאַטירלעכע יסודות, אויף יסודות, וואָס האָבן צו טאָן מיט דעם ענין פון האלטן ריין דעם מענטשלעכן קערפער, פון פאַרהיטן דעם מענטשן פון אנשטעקנדיקע, פארקריפלענדע קראנקהייטן, אזוי האָבן אויך די שפּעטערע פארצווייגונגען זייערע, די שפּעטערע צוגע־געבענע חומרות, די אחיזה זייערע אין קלאָרע, פון געזונטן שכל אָננעמבאַרע מאָטיוון. אויב אין דעם פאקט אליין, וואָס מיר קאָנס־טאַטירן אין אָט יענער עפּאָכע, וועגן וועלכער מיר ריידן דאָ, אויב אין דעם פאקט אליין פון מרבה בחומרות זיין דאן מצד דעם אידישן פאָלק בנוגע צו טומאה וטהרה ענינים, קען מען זען פערסישן איינ־פלוס, קען מען דאָס שוין אבער כלל ניט זען אין דעם כאַראַקטער פון די דאָזיקע צוגעגעבענע חומרות, אין די מאָטיוון, וואָס זיי האָבן זיי צום לעבן ארויסגערופן, אין די צוועקן, וואָס זיי האָבן באַשטרעבט. עס איז אין דעם אלעם כלל ניטאָ דער עלעמענט פון פארפלאָנטערט זיך פילן, ווי די פּערסער, אין אַ מיסטעריעזער נעץ פון מאגיק, דער עלעמענט פון פארבונדן זיין מיט אומציילינקע פון דעמאנאלאָגישן כאַראַקטער אָבערגלויבנס.

אויב ניט די אלע צוגעקומענע חומרות זיינען אזוינע, וואָס די מאָטיוון זייערע זיינען פון היגיענישן כאַראַקטער, אזוינע, וואָס האָבן צו טאָן מיט דעם וואוילזיין פון מענטשלעכן געזונט, פארמאָגן אָבער אויך אָט יענע, וואָס זיינען ניט פון אזא כאַראַקטער, מאָטיוון, וואָס האָבן אַ גאָר באַדייטענדן אינהאלט, אן אינהאלט, וואָס אויך ער רוט, ווי די מאָטיוון פון די ערשטע נאָר אויף „נאַטירלעכע״, פאַרנינפטיקע יסודות. אויב די מאָטיוון פון די ערשטע זיינען פון היגיענישן כאַ־ראַקטער, זיינען די מאָטיוון פון די צווייטע פון נאַציאָנאַלן, פּאָליטישן כאַראַקטער, ווי די גזירת טומאה על ארץ העכו״ם, וואָס דער צוועק אירער איז געווען, אז דער אידישער ישוב זאָל פון קיין אויסוואנדערונג ניט ליידן, אז ער זאָל אַ מרובה באוכלסים זיין. אָדער, ווי נאָך אַנדערע צו דער דאָזיקער גזרה ענלעכע גזרות. אין אנקלאנג מיט דעם אומ־גליקלעכן מצב פון אידישן פאָלק אין יענער צייט, אין אנקלאנג מיט

דעם, ווי זיי זיינען געשטעלט געווען דאן אין דער ארומיקער וועלט, אין אנקלאנג מיט דעם אלעם האָט די — איבערגענומענע דאן פון דער פרעמד — איינגעשאפט פון אידישן פאָלק מרבה בחומרות צו זיין אין די טומאה־וטהרה ענינים די דאָזיקע חומרות געשטאלטעט, זייער אינהאלט באַשטימט. עס איז צו זיי געקומען פון דער פרעמד — די אייגנשאפט מדקדק צו זיין אויף דעם טומאה וטהרה געביט. זיי זיינען אָבער פריי געבליבן פון די מאָטיווך, וואָס האָבן ביי די פערסער די דאָזיקע אייגנשאפט געשאפן. זיי האָבן אבער ניט איבערגענומען דעם אינהאלט, אין וועלכן די דאָזיקע אייגנשאפט האָט אין דער פרעמד איר אויסדרוק געפונען. די דאָזיקע אייגנשאפט האָט ביים אידישן פאָלק אן אייגענעם, נייעם, אנדערן אינהאלט געשאפן.

מיר זען אלזא, אז וואָס אמבאַלאַנגט דעם טומאה טהרה ענין ווייזן זיך אָרויס די אַלע רייד פון די יעניקע, וואָס ריידן אין דעם זין — וועגן דעם גוואַלדיקן איינפלוס, וואָס די פערסער האָבן אויסגעאיבט אויף דעם אידנטום אלס דברים בטלים.

די פערסישע אמונה האָט אין דער הינזיכט ניט אויסגעאיבט איר איינפלוס אויף דער אידישער אמונה. די זאַך איז נאָך פאַרקערט פאָרגעקומען. דאָס אידנטום האָט זיין איינפלוס אויסגעאיבט אויף דעם זאָראָאַסטרישן גלויבן. אונטער דעם איינפלוס פון די אידישע געזעצן וועגן טומאה וטהרה איז דאָס פערסישע טומאה וטהרה סיסטעם ענט־שטאַנען. זיי האָבן איבערגענומען די אידישע טומאה טהרה דינים און פארקריפּלט זיי, צופּאסנדיק זיי צו זייערע רעליגיעזע באַגריפן וועגן די ווירקנדע כחות אין לעבן, צופּאַסנדיק זיי צו זייערע דעמאָ־נאלאָגישע אָבערגלויבנס. דער גרונד פּרינציפּ אויף וועלכן די פער־סישע אָנשויאונגען וועגן טומאה וטהרה האָבן באַזירט איז געווען דער געדאנק, אז עס ליגט דער חוב אויף יעדן איינעם, וואָס האַלט זיך אין פערסישן דת, ער זאָל געדענקען שטענדיק, אז ער געפינט זיך אין רשות פון אלהי חטוב, אין רשות פון זיינע אלע פילע ארמייען פון גוטע גייסטער, וואָס באגלייטן אים שטענדיק, אז ער געפינט זיך שטענדיק אונטער זייער ממשלה. עס איז זיין חוב דעריבער צו זען, אַז ער זאָל ניט ארויסגעשטויסן ווערן פון דאָזיקן רשות, אז די גוטע גייסטער זאָלן פון אים זייער השפעה ניט צונעמען. ער באַדאַרף

דעריבער פאַרזיכטיק זיין, ער זאָל זיך ניט אַנרירן אין קיין זאַך, וואָס באלאנגט לויט די באַגריפן זייערע אין רשות פון אלהי החושך און די טמא גייסטער, די משמשים זיינע. ווארום אויב ער רירט זיך יאָ אָן אין אַזאַ זאַך איז ער דורך דעם זיין גייסט, זיין נשמה מטמא.

אַט דאָס אלעס איז געווען דער קאַרדינאלער פּרינציפּ אין די מאַטיוון פון פערסישן דת וועגן דעם, פאר וואָס אַ מענטש דאַרף זיך ריין האַלטן, פאר וואָס ער טאָר זיך ניט מטמא זיין.

און אין אנקלאנג מיט די דאָזיקע מאָטיוון זיינען אויך געווען די פּראַקטישע טומאה־טהרה נאָרמען, וואָס דער פערסישער דת האָט פאַרגעשריבן.

און אויף אַזאַ אופן זיינען זיי, אי דער טעאָרעטישער טייל, אי דער פּראַקטישער טייל פון פערסישן טומאה טהרה סיסטעם ווירקלעך, נאָר א פארקריפּלונג געווען פון די אידישע דינים אויף דעם דאָזיקן געביט.

כ

# דער אחדות פּרינציפּ אין פּער־סישן רעליגיעזן דאָקטרין

דער אידישער איינפלוס אויף דעם פּערסישן פאָלק אין באצוג צו דער אחדות אידייע וועגן דער גאָטהייט אין דעם רעליגיעזן דאקטרין זייערן. — דער באַגריף פון „עתיק יומין" אין דעם דאָזיקן רעליגיעזן דאָקטרין. — דער פּרינציפּ פון אבסאָלוטער אחדות אין דער „באחרית הימימדיקער פּערפעקציע פון גאַנצן יש. — דער איינדרוק פון א פון דער פּרעמד איבערגעטראַגענער פלאַנצונג, וואָס דער דאָזיקער פּרינציפּ מאכט.

און פונקט ווי דורך די אידישע טומאה וטהרה דינים קען מען ניט זען דעם באַדייטענדן פּערסישן איינפלוס, וועגן וועלכן די פריער דערמאָנטע פאָרשער ריידן, אויף דער געשטאַלטונג פון אידנטום אין דער עפּאָכע, ווען די אידן האָבן זיך נאָך דעם גלות בבל אונטער דער פּערסישער הערשאַפט געפונען; פּונקט, ווי דורך זיי קען מען פאַרקערט דוקא נאָר דעם אידישן איינפלוס אויף דעם פּערסישן פאָלק זען, אזוי קענען מיר אויך ניט דעם דאָזיקן איינפלוס זען דורך די פאַרענדיקטע פאַזן פון ענטוויקלונג, וואָס עס האָבן אין יענער עפּאָכע אָנגענומען אויך אנדערע וויכטיקע געביטן פון דעם אידישן דת, פון דעם אידישן רעליגיעזן דאָקטרין; פּונקט אזוי קענען מיר פאַרקערט אויך דורך זיי דוקא נאָר דעם אידישן איינפלוס אויף דעם פּערסישן פאָלק זען.

מיר האָבן שוין אין איינעם פון די קאַפּיטלען פון צווייטן טייל געגעבן די פאָרמולירונג פון דעם גלויבן אין „שתי רשויות" פון די פּערסער. איך האָב דאָרטן אָנגעוויזן, אז דער גלויבן אין שתי רשויות, אין צוויי באַזונדערע גאָטהייטן, אין צוויי באזונדערע העכערע כחות, וואָס רעגירן די וועלט, אין דעם אלהי הטוב און אין דעם אלהי הרע,

איז ניט געווען דער איינציקער אינהאַלט פון דעם פּערסישן רעליגיעזן דאָקטרין. אין הינטערגרונד פון דער דאָזיקער דואַליסטישער רעליגיעזער קאָנצעפּציע איז געשטאַנען דער רעליגיעזער פּרינציפּ פון אַבסאָלוטער אחדות.

אמת, די וועלט איז לויט דעם פּערסישן רעליגיעזן דאָקטרין באַשאַפן געוואָרן פון צוויי קעגנגעזעצטע כחות, איינער פון וועלכע איז כלו אור וטוב און דער צווייטער איז דער קוואַל פון אַלעס, וואָס איז פינסטער און בייז, פון צוויי באַזונדערע כחות, וועלכע באַקעמפן איינער דעם צווייטן די גאַנצע צייט זינט זיי האָבן זיך אין באַשאַפן פון דער וועלט משתתף געווען.

טראָץ דעם אָבער, וואָס די דאָזיקע צוויי כחות זיינען די שעפער פון דער וועלט, זיינען אויך זיי אַליין נאָר באַשאַפענע וועזנס. זיי אַליין זיינען נאָך ניט דער מקור ראשון פון יעדער הויה, פון יעדער עקזיסטענץ. איבער זיי שטייט נאָך דער העכסטער עצם, דער „עתיק יומין", וועלכער איז דער אורשפּרונג פון אַלעס, וואָס עקזיסטירט, וואָס זיי זיינען פון זיין כח אַרויסגעבראַכט געוואָרן. צוערשט איז פון דעם „אייביק לעבעדן", ווי דער העכסטער עצם ווערט ביי זאַראַ־אַסטראַ גערופן, דער אור העליון אָפּגעשטראַלט געוואָרן. און פון אים איז אַרמוזד, דער קעניג פון ליכט, באַשאַפן געוואָרן. און פון דעם צווייטן אצילות, וואָס איז אָפּגעשטראַלט געוואָרן פון אייביק לעבעדן איז באַשאַפן געוואָרן אַחרימון, דער אלהי החשך והרע. און זיי ערשט האָבן עס די וועלט באַשאַפן.

און פּונקט ווי די פּערסישע רעליגיעזע קאָנצעפּציע הויבט אָן די ענטשטייאונג פון עקזיסטענץ, די פאָרמירונג פון גאַנצן יש מיט איין סיבה ראשונה, מיט אַבסאָלוטער אחדות, אַזוי לעגט זי אויך אָוועק דעם פּרינציפּ פון אַבסאָלוטער אחדות אין דער ענדגילטיקער פּערפעקציע פון יש, וואָס וועט אין דער גאָר ווייטער צוקונפט קומען.

ווארום די שתי רשויות הערשאַפט איז ניט לויט דעם פּערסישן רעליגיעזן דאָקטרין פון שטענדיקן דויער, נאָר אַ צייטווייליקע, פאַר־ביייגייענדע דערשיינונג. נאָך דעם, וואָס עס וועלן פאַראיבער צוועלף טויזנט יאָר פון זינט דער רעגירנדער כח איבער דער וועלט איז אין צוויי קעגנגעזעצטע ווירקונגען צעשפּאָלטן געוואָרן וועט די ממשלת

הזדון פון אחרימון און די אלע בייזעכחות, וואָס העלפן אים אין זיין צעשטערונגס־ארבעט פארשווינדן. עס וועלן דאן דריי נביאי אמת זיך באווייזן, וואָס וועלן מיט זייער כח און מיט זייער חכמה די מענטשן צום גוטן באַקערן און ברענגען שלימות און הארמאָניע פאר דער וועלט. די ממשלה איבער דער וועלט וועט דאן איבערנעמען דאָס העכסטע וועזן אליין, וואָס פון אים זיינען די ביידע ווירקנדע כחות אין לעבן ארויסגעבראכט געוואָרן.

און עס לאָזט זיך זייער גרינג גלויבן, אז אָט דער אחדות עלעמענט, וואָס געפינט זיך אין דעם פערסישן דאָקטרין וועגן דער גאָטהייט, איז ארייגעבראכט געוואָרן אין אים אונטער דעם דרוק פון דעם איינפלוס פון די רעליגיעזע אָנשויאונגען און באַגריפן פון אידנטום.

ווארום טראָץ דעם, וואָס דער דאָזיקער אחדות עלעמענט פארנעמט אַזאַ וויכטיקן, אַנגעזעענעם פלאַץ אין דעם גאַנצן ציקל פון דער פער־סישער רעליגיעזער קאָנצעפּציע, טראָץ דעם, וואָס ער איז פאַרטראָטן אין איר אין אַזאַ שאַרפער פאָלקאָמענער פאָרם, מאַכט ער דאָך דעם איינדרוק, ווען מיר שטעלן אים אונטער אונדזער אַנאַליז צוזאַמען מיט דעם באָדן, אין וועלכן ער איז איינגעוואָרצלט, ווי אַ פון דער פרעמד איבערגעטראָגענע פלאַנצונג. די גרויסע, וויכטיקע ראָלע, וואָס עס שפּילט אין די פערסישע רעליגיעזע אָנשויאונגען דאָס גלויבן אין די צוויי אונטערגעאָרדנטע געטער, דאָס וואָס די דאָזיקע געטער פאַר־נעמען אַזאַ צענטראלן פלאַץ אין דער פערסישער רעליגיעזער קאָנ־צעפּציע, דאָס וואָס עס ווערט זיי צוגעשריבן די באַשאַפונג פון דער וועלט, ווי אויך איר שטענדיק געפינען זיך אונטער זייער פירונג, דאָס אלעס מאַכט זייער שווער פאר אונדז צו באַטראַכטן דעם דואַליסטישן עלעמענט מיט דעם עלעמענט פון אחדות, וואָס געפינען זיך אין דעם פערסישן רעליגיעזן סיסטעם אלס צוויי אָרגאַנישע טיילן פון איין גאַנצעס, צו באַטראַכטן דעם טייל פון דעם פערסישן רעליגיעזן דאָקטרין, אין וועלכן עס רעדט זיך וועגן אן אויבערהאַר איבער די צוויי קעמפנדע צווישן זיך געטער, וועגן נאָך אַ גאָט, וואָס ער איז דער מקור ראשון פון אלץ, וואָס נאָר פון אים זיינען באַשאַפן געוואָרן אויך יענע געטער, וואָס האָבן די וועלט באשאפן, אלס אן אָריגינעלע שאַפונג פון די פערסער.

ווען מיר שטעלן אונטער אונדזער אַנאַליז דאָס גאַנצע פּער־סישע רעליגיעזע דאָקטרין, מאַכט דער אחדות עלעמענט, וואָס געפינט זיך אין אים, דעם איינדרוק ווי ער וואָלט דאָרטן געשפּילט די ראָלע נאָר פון אַן אַנגעפּאַרענעם גאַסט, ווי ער וואָלט דאָרטן אריינגענומען געוואָרן נאָר פון יוצא וועגן. עס איז ווירקלעך ניטאָ די נאַטירלעכע, די אינטימע, די אָרגאַנישע פאַרבינדונג צווישן די דאָזיקע צוויי עלעמענטן. לויט דעם אינהאַלט זייערן איז ניטאָ די מעגלעכקייט מיר זאָלן זיך קענען פאָרשטעלן, אַז זיי האָבן געקענט אויספילן אין א גלייכער מאָס דעם שטח פון רעליגיעזן באַוואוסטזיין אין מאָרך פון גלויביקן פּערסער. דער אומטעטיקער, אויף גאַנצע צוועלף טויזנט יאָר איינגעשלאָפענער אויבערהאר גאָט, האָט געמוזט אין שאָטן געשטעלט ווערן אין זיין — פון גלויביקן פּערסער — רעליגיעזן באַוואוסטזיין דורך די שטענדיק שאַפנדע, שטענדיק קאַמפּס־לוסטיקע אונטערגעאָרדנטע צוויי געטער. וואָרום ער האָט זיך צו די מער נאָענט געפילט, וואָרום ער איז פון זיי מער אָפּהענגיק געווען. די האָבן זיין שיקזאַל געשמידט. ער האָט זיך געקענט באַגיין, ער זאָל גאָר אין גאַנצן וועגן דעם מקור ראשון ניט טראַכטן, וואָרום ער האָט מיט אים קיין מגע משא ניט געהאַט. ווען דער אחדות גלויבן וואָלט דעריבער אַן אָריגינעלע שאַפונג פון פּערסישן פאָלק געווען, ווען ער וואָלט די יצירה ראשונה אין רעליגיעזן באַוואוסטזיין זיינעם געווען, וואָלט פון אים ניט געקענט געווען ארויסגעבראַכט ווערן, ניט געקענט געווען זיך אַנטוויקלען די אמונה בשתי רשויות אין דער פאָרם, אין וועלכער מיר זען זי ביי אים.

צוליב דעם אלעם, אלזאָ, וואָס עס איז ביז אהער געזאָגט געוואָרן, זיינען דאָ אלע אורזאַכן צו גלויבן, אַז דער אחדות פּרינציפּ אין פּער־סישן רעליגיעזן סיסטעם איז ווירקלעך אַן איבערפלאַנצונג פון דער פרעמד — פון אידישן פאָלק — גענומען.

עס איז אויך דאָ פאַרגעקומען דאָס זעלבע, וואָס עס איז פאָר־געקומען מיט די טומאה־טהרה פּירונגען, וואָס די פּערסער האָבן ביים אידישן פאָלק איבערגענומען. פונקט ווי זיי האָבן די דאָזיקע

איבערגענומענע טומאה־טהרה דינים געענדערט, צופּאַסנדיק זיי צו די נייע מאַטיוון, וואָס זיי האָבן זיי געגעבן, צו די נייע אָנשויאונגען, אזוי האָבן זיי אויך דעם אינערלעכן אינהאלט פון דעם אידישן אחדות־פּרינציפּ, וואָס זיי האָבן איבערגענומען, געענדערט לויט די ביז איצ־טיקע באַגריפן זייערע וועגן דער גאָטהייט.

כ"א

# דער קאַמף פון די נביאים פאַר דער אחדות אידייע

פרעמדער איינפלוס אויף די וועניקער באדייטנדע יסודות פון אידנטום. — פאקטאָרן און אָנרעגונגען. — דער כאַראַקטער פון די מאגישע, מיסטישע עלעמענטן, וואָס זיינען אין דער תקופה, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט זיך אונטער דער פערסישער הערשאפט געפונען, אָנגעצווייגט געוואָרן אין דעם אידישן בוים.

אויב אָבער וואָס אמבאלאנגט די קאַרדינאַלע יסודות פון טעאָ־רעטישן און פראַקטישן אידנטום איז קיין מעגלעכקייט ניט פאראן וועגן אן אויסגעאיבטן אויף זיי באדייטענדן איינפלוס מצד דער פער־סישער רעליגיע צו ריידן, איז שוין אבער יאָ זייער ניכר דער דאָזיקער איינפלוס אויף די ווייניקער באַדייטנדע יסודות פון אידנטום, אין אזוינע ספערן פון רעליגיעזן באוואוסטזיין פון אידישן פאָלק, וואָס זיינען ניט פארוועבט מיט די הויפט נערוון פון די קאַרדינאַלסטע פרינציפּן, אויף וועלכע עס האלט זיך דאָס אידישע רעליגיעזע סיסטעם.

מען באדארף אָבער ווידער פון דער צווייטער זייט ניט פארגעסן, אַז אויך אין אָט דער אָנגעלעגנהייט קען מען ניט ריידן וועגן דירעקטן, אוממיטלבאַרן אויסשליסלעכן איינפלוס, וועגן איינפאכן, מעכאַנישן איבערנעמען מצד דעם אידנטום פון דער פערסישער רעליגיע. פיל מער ווי די ראָל פון דירעקטע אוממיטלבארע פאַקטאָרן, האָבן די איראַנישע רעליגיעזע אידייען, וואָס זיינען אין דער תקופה, וועגן וועלכער מיר ריידן דאָ פון אידישן פאָלק איבערגענומען געוואָרן, די ראָלע פון אנרעגער, פון אינדירעקטע באַוועגער געשפּילט. פיל מער, ווי נאָר מעכאַניש איבערנעמען, ווי נאָר טעכנישע איבערפלאַנצונג זיינען אלע מאַגישע, מיסטישע עלעמענטן, וואָס זיינען דאן אין דער אידישער רעליגיעזער קאָנצעפּציע ארייגענומען געווארן, געווען א פּראָדוקט פון אן אינערלעכן פּראָצעס, נאָר פון אייגענער ענטוויקלונג.

וואָרום אַט יענע אַלע מאגישע, מיסטישע עלעמענטן, וואָס זיינען אין יענער תקופה אַנגעצוויגט געוואָרן אין רעליגיעזן אידישן בוים, זיינען כלל ניט געווען אזוינע, וואָס האָבן באדארפט אויפגענומען ווערן פון אידישן פאָלק אלס גאנץ נייע רעליגיעזע אידייען, פון וועלכע זיי האָבן ביז איצט גאָר קיין אנונג ניט געהאט, זיינען כלל ניט געווען אזוינע, וואָס באַדאַרפן אלס מעגלעכער פּראָדוקט נאָר פון דער פּערסישער רעליגיעזער קולטור באטראכט ווערן. אַ גרויסער טייל פון זיי האָבן אין בלאסע קאָנטורן, אין שוואכן אויסדרוק שוין פון גאָר לאנג אין רעליגיעזן באַוואוסטזיין פון אידישן פאָלק געלעבט. אַ גרויסער טייל ווידער פון זיי האָט זיך געקענט רעכענען פאר דעם אייגנטום פון אנדערע רעליגיעזע קולטורן ניט ווייניקער ווי אלס דאָס אייגנטום פון דער פּערסישער רעליגיעזער קולטור. פילע אידייען פון דעם פּערסישן רעליגיעזן דאַקטרין זיינען געווען דאָס גלויבן ניט נאָר פון די פּערסער אליין, נאָר אויך פון פילע אנדערע מזרח פעלקער. בנוגע ווידער צו אַן אַנדער טייל פון זיי איז אויך דאָ אַ גרויסע מעגלעכקייט צו דערלאָזן, אז דאָס אידישע פאָלק איז אויף אַ זעלבסטשטענדיקן אייגענעם וועג צו די רעליגיעזע אידייען, וואָס אַט דער טייל ענטהאלט, צוגעקומען.

און דעריבער רוט ווירקלעך דער אמת מיט דער באַהויפּטונג, וואָס איך האָב געמאכט פריער, אז אויך אין באַצוג צו די רעליגיעזע אידייען, וואָס די אידן האָבן פון די פּערסער איבערגענומען, קאָן דאָ קיין רעדע ניט זיין וועגן פּערסישן איינפלוס אלס דירעקטן אוממיטלבארן פאַקטאָר, אז די אַלע נייע עלעמענטן, וואָס זיינען דאַן אריינגעטראָגן געוואָרן אין דער רעליגיעזער קאָנצעפּציע פון אידישן פאָלק, זיינען כלל ניט געווען פון אזא כאַראַקטער, מען זאָל זיי דארפן אלס פון דער פרעמדער אויף אים ארויפגעצוואונגענע באצייכענען, מען זאָל זיי ניט קענען באַטראַכטן אלס פּראָדוקט פון אייגענער אָרגאַנישער ענטוויקלונג.

פילע פון זיי — אפילו די, מיין איך, וואָס האָבן ביז דאַן גאָר אינגאנצן קיין שליטה ניט געהאט אויף דעם רעליגיעזן באַוואוסטזיין פון אידישן פאָלק — זיינען געווען אזוינע, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט פון לאנג שוין געוואוסט פון זיי. די אידן זיינען אָבער ביז דאַן

אומבאַרירט פון זיי געבליבן, ווייל די רעליגיעזע פאַרשטייער זיינע האָבן זיי אָפּגעפרעמד פון אים געהאַלטן. אין די יונגע יאָרן פון דער אידישער רעליגיעזער קולטור, אין די ערשטע תקופות נאָכדעם, וואָס דאָס גרויסע ליכט פון דעם אחדות געדאנק האָט דאָס רעליגיעזע באַוואוסטזיין פון אידישן פאָלק באַלויכטן, האָבן די רעליגיעזע פאַרשטייער פון אידישן פאָלק, די גרויסע לערער זיינע זייער גאַנצע אויפמערקזאמקייט קאָנצענטרירט דערויף, אז די מאָנאָטעאיסטישע אידייע זאָל טיפע וואָרצלען שלאָגן אין רעליגיעזן באַוואוסטזיין פון אידישן פאָלק, אז זי זאָל אין דער ריינסטער פאָרם אירער זיך איינוואָרצלען דאָרטן. און דעריבער האָבן זיי ניט געלאָזט זיך אריינרייסן אין דער אידישער רעליגיעזער אידייען־וועלט קיינע עלעמענטן אזוינע, וואָס זאָלן קענען שאָדן ברענגען דער פאַרווירקליכונג פון זייער שטרעבונג. דעריבער האָבן זיי באַקעמפט יעדער רעליגיעזע שטרעמונג, יעדע רעליגיעזע שאַטירונג, וואָס האָט געקענט פאַרנעפּלען ביי זיי די מאָנאָטעאיסטישע אידייע, וואָס האָט געקענט שטערן אין דעם, עס זאָל זיך די מאָנאָטעאיסטישע אידייע אין איר ריינסטער, לויטערסטער פאָרם אין אידישן פאָלק אָנהעפטן.

און דערפאַר האָט דאָס אַלטע היסטאָרישע אידנטום אונטער דער השגחה פון די רעליגיעזע פאַרשטייער פון אידישן פאָלק, פון די אידישע נביאים פאַרצאַמט דעם וועג פאַר יעדן בילדלעכן רעליגיעזן מיסטיציזם, פאַר רעליגיעזע מיסטעריען. דערפאַר איז דאָס אַלטע היסטאָרישע אידנטום געשטאַנען צו דעם אלעם ניט נאָר אין אַ ניט פּאָזיטיווער באַציאונג, נאָר אויך אין אַ נעגאַטיווער, אין אַ שטענדיקן קאַמף קעגן דעם. די רעליגיעזע פאַרשטייער פון אידישן פאָלק זיינען שטענדיק אויף דער וואַך געשטאַנען, זיי זאָלן דאָס אלעס אויף דעם באָדן פון אידנטום ניט ארויפלאָזן.

מיר געפינען אין תורת משה וועניקע עלעמענטן פון מאגישן כאַראַקטער, עלעמענטן פון מיסטישער בילדלעכקייט. צוזאַמען אָבער מיט דעם געפינען מיר אין איר אין נאָך אַ גרעסערער מאָס די טענדענץ אזוינע עלעמענטן צו באַקעמפן, צו האַלטן דאָס אידישע פאָלק ווייט פון זיי, די שטרעבונג אז נעפּלהאפטע רעליגיעזע אידייען

זאָלן פאַר זיך וואָס וועניקער פּלאַץ אין רעליגיעזן באַוואוסטזיין פון אידישן פאָלק פאַרנעמען.*)

זי האָט יענע עלעמענטן אריינגענומען נאָר דאַן, וואו זי האָט זיך שוין ניט געקענט העלפן. דאָרטן, וואו זי האָט מורא געהאט, אז דאָס גענצלעך פאַרטדייבן זיי וועט צו פאַרקערטע רעזולטאַטן ברענגען, וועט אַן אומגעוואונשטע רעאַקציע ארויסרופן. זי האָט דאָס אַלעס אריינ־גענומען נאָר אויף אזוי פיל, אויף וויפיל אויך יעדע באַקעמפטע תאווה ווערט ניט נאָר דורך אָנשטרענגונג איר גענצלעך אויסצוראָטן; נאָר אויך דורך נאָכגעבן איר, געבראָכן.

און דאָס זעלבע, וואָס מיר געפינען אין דער תורה, געפינען מיר אויך ביי די נביאים.

אויך זיי האָבן עס אלס זייער אויפגאַבע באַטראַכט, אכטונג צו געבן, אז די עלעמענטן פון געררייצטער פאַנטאַזיע זאָלן זייער שליטה ניט האָבן איבער דעם רעליגיעזן באַוואוסטזיין פון אידישן פאָלק, כדי עס זאָל דורך דעם קיין פגימות ניט אריינגעבראכט ווערן אין דער אחדות אידייע, וואָס זיי האָבן אין איר פולן גלאַנץ פון רעליגיעזן באַוואוסטזיין פון אידישן פאָלק געוואָלט זען ארויסשיינען.

---

*) זע מיין עסיי „דער גרויסער מאעסטרא״ — וועגן מאקס נאָרדוי — אין מיין בוך „פיגורן״.

כ"ב

# נייע עלעמענטן אין די רעליגיעזע אָנשויאונגען פון אידישן פאָלק

די מאָטיוון, וואָס האָבן אין די שפּעטערע צייטן אלס פאַקטאָרן געדינט, אז דאָס אידנטום זאָל דאן פילע פון די פריער פון אים פארשטויסענע רעליגיעזע אָנשויאונגען אקצעפּטירן. — די דערגרייכונגען פון פולשטענדיקער רעליגיעזער רייפקייט. — ארויפגעצוואונגענער פרעמדער איינפלוס און אייגנוויליק אונטערוואַרפן זיך אונטער אזא איינפלוס.

און פונקט, ווי די מאָטיוון פון אינערלעכן כאַראַקטער זיינען געווען די ווירקנדע פאַקטאָרן פון דעם, אַז דאָס אידנטום אין די ערשטע תקופות פון זיין פאָרמירן זיך זאָל די רעליגיעזע קאָנצעפּציע פון אידישן פאָלק אָפּגעצאָמט האָלטן פון מיסטישע עלעמענטן, אז עס זאָל זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון די פאַרבן־רייכע בילדער, וואָס די צוימלאָזע פאַנטאַזיע פון די אלטע מזרח־פעלקער האָט וועגן דער אנטשטייאונג פון דער יצירה, וועגן די יסודות פון איר קיום געשאַפן; פונקט ווי נאָר אזוינע מאָטיוון זיינען די ווירקנדע פאַקטאָרן געווען פון דעם, וואָס די רעליגיעזע פאָרשטייער פון אידישן פאָלק האָבן עס פאַר זייער אויפגאבע געמאכט צו זען, אז די פאָרשטעלונגען פון אידן וועגן דעם לעבן פון מענטשן, וועגן טויט זיינעם, זאָלן ניט אין געדיכטע נעפּלען דונקעלע איינגעהילט זיין, זאָלן ניט אונטער דעם אויסגעאיבטן איינפלוס פון אויפגערייצטער, לויז געלאָזטער מענטשלעכער פאַנטאַזיע זיך פאָרמירן: אזוי זיינען אויך נאָר פון אינערלעכן כאַראַקטער געווען די מאָטיוון, וואָס זיינען אין די שפּעטערע צייטן די ווירקנדע פאַקטאָרן געווען פון דעם, אז דאָס אידנטום זאָל דאן פילע פון די פריער פון אים פארשטויסענע רעליגיעזע אָנשויאונגען אַקצעפּטירן.

ווי אין ערשטן פאַל אזוי איז אויך אין לעצטן פאַל דער אינהאַלט פון די דאָזיקע מאָטיוון באַשטאַנען אין דעם, אז די אידישע רעליגיעזע וועלט באַנעמונג זאָל זיך אויף א הויכער מדרגה געפינען. נאָר

אַט די שטרעבונג איז דאָס דער גורם געווען פון דיביידע אופנים באציען זיך מצד דעם אידנטום צו די אויבן־דערמאָנטע עלעמענטן אויף דעם געביט פון רעליגיעזער וועלט־באַנעמונג: פון דעם פריער־דיקן פאַרוואַרפן זיי, ווי פון דעם שפּעטערדיקן אַקצעפּטירן זיי.

אין די עפּאָכן, ווען דאָס אידישע פאָלק האָט זיך נאָך אין יונגער רעליגיעזער אַנטוויקלונג געפונען, האָט דער אינהאַלט פון אַט יענער שטרעבונג: די אידישע רעליגיע זאָל זיך אויף אַ הויכער מדרגה געפינען, געמוזט באַשטיין אין דעם, ניט צו דערלאָזן עס זאָלן זיך צופיל מיסטישע עלעמענטן אין דער אידישער רעליגיעזער קאָנצעפּציע אריינרייסן, כדי דער מאָנאָטעאיסטישער געדאַנק זאָל קענען, ווי איך האָב עס שוין פריער געשריבן, אין רעליגיעזן באַוואוסטזיין פון אידישן פאָלק קרעפּטיק, פולבלוטיק ווערן, כדי עס זאָל קענען דער פּראָצעס פון זיין טיפן איינוואָרצלען זיך דאָרטן אומגעשטערט פאָרקומען.

דאַן אָבער, ווען דאָס אידישע פאָלק האָט שוין זיין פולשטענדיקע רעליגיעזע רייפקייט דערגרייכט, ווען די מאָנאָטעאיסטישע אידייע האָט שוין אין רעליגיעזן באַוואוסטזיין זיינעם אין אַ געשיכטלעכער אַטמאָ־ספערע געלעבט, ווען דער מאָנאָטעאיזם איז שוין די אָרגאַנישע אייגנ־שאַפט פון זיין רעליגיעזן דענקען געוואָרן, דאַן, ווען עס איז שוין זיכער געווען, אז קיין השפעה פון דרויסן, וועט ניט בכח זיין אַ פלאָנ־טער אריינצוטראָגן אין דעם רעליגיעזן באַוואוסטזיין פון אידישן פאָלק, וואָס אָמבאַלאַנגט דער מאָנאָטעאיסטישער אידייע, וואָס לעבט אין אים: דאַן איז שוין ניט נאָר מער קיין נויטווענדיקייט געווען אין דעם, אז דאָס אידנטום זאָל זיך נעגאַטיוו צו רעליגיעזן מיסטיציזם באַציען, נאָר פאַרקערט, עס איז שוין דאַן אַ נויטווענדיקייט געווען, אז די דאָזיקע נעגאַטיווע באַציאונג זאָל אין אַ פּאָזיטיווער איבערגיין.

ניט מורא האָבנדיק מער, אז די פון איר פריער דערוואַרטעטע רעליגיעזע מיסטישע מאָטיוון זאָלן ניט קיין צערשטערונג ברענגען פאַר דעם קאָרדינאַלן הויפּט פּרינציפּ אירן, האָט די אידישע רעליגיע געקענט איצט נאָך מער געבויט ווערן דורך די דאָזיקע מאָטיוון.

פונקט ווי זי האָט זיך געקענט האַלטן פריער אויף אַ הויכער מדרגה דורך דעם, וואָס זי האָט זיי ניט צוגעלאָזט צו זיך, אזוי האָט איצט דאָס אַקצעפּטירן זיי איר אויף אַ הויכער מדרגה געקענט האַלטן. דאָס אידנטום האָט געקענט איצט ניט נאָר אלס ניט שעדלעך די

דאָזיקע מיסטישע עלעמענטן באַטראַכטן, נאָר עס האָט זיי אויך אלס העכסט נוצלעך פאַר זיך באַדאַרפט באַטראַכטן: עס זאָל דורך זיי א מער פּאָעטישער, פאַנטאַסטישער עלעמענט אריינגעטראָגן ווערן אין דער אידישער רעליגיעזער קאָנצעפּציע, מער קאָליר, מער פארבן־רייכע בילדלעכקייט.

און נאָך דערפאַר האָט עס דאָס אידישע פאָלק איבערגענומען אין יענער עפּאָכע פון די ארומיקע פעלקער פילע רעליגיעזע אַנשויאונגען, באַגריפן און פאָרשטעלונגען, וועלכע זיינען ביז דאמאָלס פרעמד געווען דעם אידישן פאָלק.

און נאָר דערפאַר האָט דאַן דאָס אידישע גלויבן פילע פרעמדע עלעמענטן אריינגענומען, פילע פרעמדע עלעמענטן, וועלכע האָבן ביז דאמאָלס קיינמאָל קיין אָפּקלאַנג ניט געפונען ביי די גרויסע לערער פון אידישן פאָלק, וועלכע האָבן די הויפּט פּרינציפּן פון אידישן גלויבן קריסטאַליזירט און זיי א פאָרענדיקטע פאָרם געגעבן.

עס איז דאָס אלעס ניט קיין פון דרויסן ארויפגעצוואונגענע השפעה געווען, נאָר אן איינן־ווילי קע, באַשטימטן ציל באשטרעבנדע אַקציע געווען.

פון דעם אלעם, אלזא, וואָס מיר האָבן ביז אהער געשריבן, איז צו זען, אז אויך אפילו, וואָס אמבאלאנגט דעם טעאָרעטישן אידנטום, וואָס אמבאלאנגט דעם פעלד פון רעליגיעזע אַנשויאונגען, קען מען וועגן אויסשליסלעכן פרעמדן איינפלוס ניט רידן, קען מען מער נאָר בכלל וועגן פרעמדן איינפלוס רידן. פון דעם אלעם איז צו זען, אז אויך אָבער אין דער הינזיכט אפילו קען מען די דאָזיקע באַהויפּטונג ניט נעמען אין דעם פינקטלעכן, בוכשטעבלעכן זין פון די טערמינען, אין וועלכע זי ווערט געמאכט, אי צוליב דעם, וואָס דער דאָזיקער איינפלוס איז ניט געווען קיין דיקטאָטאָרישער, קיין ארויפגעצוואונגענער, נאָר אן איינן־ווילי קער, אן אַקט פון אַקטיוון ווילן, ווי אויך צוליב דעם, וואָס די נייע עלעמענטן, וואָס זיינען אריינגעטראָגן געוואָרן דאַן אין די רעליגיעזע אַנשויאונגען פון אידישן פאָלק, וועלכע שיינען אונדז צו זיין פון דער פרעמד איבערגענומען, זיינען אין אמתן אזוינע, וואָס דאָס אידישע פאָלק איז צו זיי איבער אן איינענעם וועג צוגעקומען, האָט זיי דורך א פּראָצעס פון איינענער, אינערלעכער אנטוויקלונג אין זיין רעליגיעזן סיסטעם איינגעוועבט.

כ״ג

# דאָס גלויבן אין מציאות המלאכים

דער מלאכים באגריף אין אלטן היסטאָרישן אידנטום. — דער מער קאָנקרעטער אינהאלט, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט שפּעטער אין דעם דאָזיקן באַגריף אריינגעלייגט. — די איינטיילונג דאן פון די מלאכים אין באַזונדערע גרופּן. — די ספּעציעלע נעמען, וואָס זיינען דאן פאר פילע מלאכים געשאפן געוואָרן.

די רעגיאָנען פון רעליגיעזן לעבן פון אידישן פאָלק אין יענער תקופה, ווען ווען וועלכער איך האָב ביז אַהער גערעדט, זיינען, אלזא, ניט געשטאַנען אונטער דער דאָמינירנדער, ארויפצווינגענדער ווירקונג פון פרעמדן איינפלוס. דער דאָזיקער פרעמדער איינפלוס איז ניט דער שעפער געוועזן פון דעם הויפּט־אינהאלט, וואָס מיר געפינען אויף דעם פעלד, ווען מיר שטעלן אונדזערע אויגן אָפּ אויף דער דאָזיקער עפּאָכע.

ווען מיר שטעלן אונטער אונדזער אַנאַליז אי דעם כאַראַקטער פון אָט יענע בייע עלעמענטן — אויף דעם געביט פון רעליגיעזע אַנשויאונגען — וואָס זיינען דאן אין אידנטום אריינגעטראָגן געוואָרן*) ווי אויך אויף די פאָרמען, וועלכע פילע פון זיי — פון די דאָזיקע בייע עלעמענטן — האָבן אָנגענומען, ווען זיי זיינען פון דער פרעמד אויף דעם אידישן באָדן איבערגעפלאַנצט געוואָרן, זען מיר, אז דאָס אידנטום האָט דעם פרעמדן איינפלוס, אונטער וועלכן עס האָט זיך אונטערוואָרפן, אונטער א שטענדיקן, שטרענגן קאָנטראָל געהאלטן.

מיר באַמערקן דאן אין אידישן לעבן פון יענער צייט א מערק־ווירדיקע דערשיינונג.

---

*) מער וועגן דעם ענין קען דער לעזער געפינען אין מיין בוך „צו דער אנטשטייאונג פון קריסטענטום״.

פון איין זייט, זען מיר, אַז דאָס אידנטום איז דאַן זייער סענסיטיוו צו פרעמדע השפּעות געווען. און פון דער צווייטער זייט מוזן מיר קאָנסטאַטירן אין דעם אידנטום פון יענער צייט אַן אייזנפעסטע אין זיך איינגעשלאָסנקייט, אַן אָנגעשטרענגטקייט ניט דערלאָזן, די אידישע רעליגיעזע קולטור זאָל פאַראַלגעמיינערט ווערן מיט די פון דער פרעמד.

די סענסיטיוויטעט צו פרעמדע השפּעות מערקן מיר אין באַצוג צו אַט יענע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך אויף דעם פרעמדן רעליגיעזן פעלד געפונען, וועלכע האָבן ניט געקענט געפערלעך זיין פאַר די הויפּט־עיקרים פון אידישן גלויבן. אין באַצוג אָבער צו דעם קאַר־דינאַלן הויפּט־פּרינציפּ פון אידישן גלויבן, אין באַצוג צו דער אחדות הבורא אידייע באַמערקן מיר אַ גוואַלדיק איינגעשפּאַרטע ניט נאָכגע־ביקייט מצד דעם אידנטום, אַ שטרענגע אומקאָמפּראָמיסלעכקייט.

אַ דאַנק דעם, וואָס נאָר מאָטיוון פון אינערלעכן ניט פון אויסער־לעכן כאַראַקטער האָבן דעם דאָזיקן פרעמדן איינפלוס פאַר אַ ווירקענדן כח אין אידישן לעבן דאַן געמאַכט. אַ דאַנק דעם, וואָס די אונטער־געוואָרפנקייט פון אידנטום צו יענער צייט אונטער פרעמדע השפּעות איז ניט קיין ארויפגעצוואונגענע געווען, נאָר אַ פרייוויליקע, איז דאָס אידנטום, ווירקלעך, בכח געווען דאַן דעם דאָזיקן איינפלוס אונטער זיין שטרענגן קאָנטראָל האַלטן. מיט פאַרביסענער עקשנות האָט די אידישע אמונה אויך דאַן ניט אויפגעהערט צו קעמפן, אַז אין באַצוג צו איר הויפּט פּרינציפּ, אין באַצוג צו איר קאָנצעפּציע וועגן גאָט, זאָל זי די דאָמינירנדע ראָלע שפּילן, אַז אויף דעם פעלד זאָל זי שטענדיק דער משפּיע זיין, אָבער ניט דער מושפּע — נאָר יענעם בעאיינפלוסן, אָבער ניט לאָזן זיך אליין בעאיינפלוסן. זי איז נאָכגעביק געווען נאָר בנוגע צו אזוינע רעליגיעזע פּונקטן, וואָס זיי זיינען פון צווייטער באַדייטונג געווען, נאָר בנוגע צו אזוינע, וואָס האָבן ניט נאָר קיין מינוס ניט געקענט זיין פאַר איר, נאָר זיי האָבן נאָך פאַר איר אויך אַ פּלוס געקענט זיין. די אידישע אמונה האָט דאַן פון אַלע פאַרשידענע פעלקער איבערגענומען דאָס אַלעס, וואָס האָט זי געקענט מיט מערערע און פאַרשידענערע פאַרבן און קלאַנגען באַ־רייכערן, דאָס אַלעס, וואָס האָט זי געקענט מיט שענערער און רייכערער פאַנטאַזיע באַפליגלען.

און אַט אזוי זען מיר, אז גלייכצייטיק דערמיט, וואָס דאָס אידנטום האָט אזוי הארטנעקיק באקעמפט דאן דאָס פערסישע דאָקטרין וועגן די קאָנקורירנדע ווירקנדע כחות אין דער יצירה, דער גאָט פון ליכט און גליק און דער גאָט פון פינסטערניש און זינד, אנטקעגנשטעלנדיק דעם דאָזיקן דאָקטרין זיין אייגן גלויבן, אז דער אלקי ישראל איז דער איינציקער באַשאַפער פון אלעס, אַז ער איז דער „יוצר אור ובורא חושך", דער „עושה שלום ובורא רע"; אַז גלייכצייטיק דערמיט האָבן זיי איבערגענומען מער קאָנקרעטן אינהאלט*) פאר זייער גלויבן אין דער עקזיסטענץ פון מלאכים פון די פערסער.

זיי האָבן אין זייער רעליגיעזן באַוואוסטזיין דעם טראָן פון גאָט צו פעסט שטיין געזען, זיי זאָלן געוועזן קענען מורא האָבן, אז דורך דעם, וואָס זיי וועלן אָנפילן דעם הימל מיט אומצייליקע מחנות פון מלאכים, וועלן זיי אים — גאָטס טראָן — צום וואַקלען זיך ברענגען. פאַרקערט. זיי האָבן געקענט פון דעם געדאנק באַהערשט ווערן, אז דורך דעם אלעם וועלן זיי נאָך מער גאָטס כבוד פארגרעסערן, נאָך שאַרפער זיין גרויסע מאכט אונטערשטרייכן, נאָך מער גלאַנץ אויף זיין קעניגרייך ארויפציען. זיינען דעריבער ביי זיי אויף אזא אופן די „מלאכי אלקים" פון תנ"ך, וועגן וועלכע עס רעדט זיך דאָרטן שטענ־דיק נאָר אין אלגעמיינע שטריכן, וואָס לויט, ווי עס ווערט וועגן זיי אין דער תורה גערעדט, דארפן זיי אממערסטן נאָר אלס „משרתיו עושי רצונו" פאַרשטאַנען ווערן, אלס די כחות, וואָס פירן אויס גאָטס ווילן, זיך פאַרגעשטעלט אויף דעם פערסישן שטייגער אלס הימלשע וועזנס, וואָס זיינען באַשענקט מיט שטענדיקער אייגנאַרטיקער עקזיס־טענץ און אייגנאַרטיקער אינדיווידואליטעט.

---

*) איך האָב אונטערשטראָכן די דאָזיקע ווערטער, ווארום טאַקע נאָר אין דעם האנדלט זיך עס. עס קען אבער קיין רייד ניט זיין, אז זיי האָבן בכלל דעם גאַנצן ענין פון גלויבן אין דער עקזיסטענץ פון מלאכים פון די פערסער איבערגענומען. און די חז"ל זיינען גוואלדיקע מדייקי בלישנא געווען. זיי האָבן ניט געזאָגט, אז דאָס גלויבן אין דער עקזיסטענץ פון מלאכים האָבן די אידן מיט זיך פון בבל געבראכט. וואָס זיי האָבן געזאָגט איז נאָר דאָס, אז „שמות המלאכים העלו ישראל עמהם מבבל". נאָר די נעמען פון די מלאכים האָבן די אידן מיט זיך פון בבל געבראכט.

דאָס אידישע פאָלק האָט זיך אָנגעהויבן פאָרשטעלן איצט דעם הימל אלס אן אמתע קעניגרייך, אין וועלכער גאָט איז דער העכסטער אויטאָריטעט, די העכסטע מאכט, דער אבסאָלוטער הערשער, און ארום אים געפינען זיך שטענדיק אלס זיינע מיניסטאָרן און באַדינער, טויזנטער און טויזנטער הימלישע וועזנס, טויזנטער און טויזנטער מלאָכים רינגלען דעם געטלעכן טראָן ארום, שטייען און וואַרטן, גאָט זאָל זיי א צייכן געבן, זיי זאָלן זיין ווילן טאָן. ווי די פערסער האָבן אויך די אידן אָנגעהויבן רופן מלאכים הייליקע וועכטער „עירין קדישין".

און אויב ביז דאן איז ביים אידישן פאָלק נאָר דער באגריף וועגן מלאכים געווען, זיי זיינען אָבער ניט איינגעטיילט געווען ביי זיי אין באַזונדערע גרופן, זיי האָבן אָבער קיין אינדיווידועלע נעמען ניט געהאט, האָט איצט דאָס אידישע פאָלק אָנגעהויבן, ווי די פערסער, איינצוטיילן די מלאכים אין פארשידענע גרופן און האָבן פאר פילע מלאכים אויך ספּעציעלע נעמען געהאט, ווי רפאל, מיכאל, גבריאל, שוריאל, אוריאל און אנדערע.

---

יאָ, דאָס אידנטום האָט נאָר אזוינע עלעמענטן פון דער פרעמד איבערגענומען, וואָס האָבן געקענט די אידישע אמונה נאָך מער בויען, אָבער ניט אזוינע, וואָס האָבן געקענט פאר איר צעשטערונג ברענגען.

און דעריבער זען מיר אויך, אז אייניקע פון אָט די רעליגיעזע פּונקטן אפילו, וואָס דאָס אידנטום איז צו זיי נאָכגעביק און מילד געווען, אז אייניקע פון אָט יענע פון צווייטער באַדייטונג עלעמענטן אפילו — זיינען ניט נאָר סתם אזוי איבערגעטראָגן געוואָרן אין אידנ־טום, נאָר אויך פריער איבערגעאַנדערשט געוואָרן.

כ"ד

# דער שטן באַגריף

דער היסטאָרישער טאָטע פון שטן. — דער שטן באַגריף אין קריסטענטום. — דער שטן באגריף אין תנ"ך. — א נאָמען אָן אַן אינהאלט. — די נייע עלע־מענטן, וואָס זיינען שפּעטער אריינגעטראָגן געוואָרן אין דער אידישער שטן אידייע. — מטטרון — דער שר העולם. — דער ערשטער גלגול זיינער. — דער ירידה פּראָצעס, וואָס ער האָט געמוזט דורכמאכן.

דאָס אידנטום האָט ניט אריינגענומען אין זיך די פרעמדע רעלי־גיעזע עלעמענטן ביז זיי זיינען פון אים ניט מאָדיפיצירט געוואָרן פריער אזוי, אז זיי זאָלן הארמאָנירן מיט די הויפּט עיקרים פון דער אידישער אמונה.

און אָט אזוי זען מיר, אז דאָס אידנטום האָט א שיין ביסל די שטן אידייע איבערגעאַנדערשט אידער עס איז פון אים פון דער פרעמד איבערגענומען געוואָרן.

אין גרעסטן טייל אירן האָט דאָס אידישע פאָלק די שטן אידייע פון דעם פּערסישן פאָלק איבערגענומען. דער היסטאָרישער טאָטע זיינער — פון שטן — איז דער פּערסישער גאָט אחרימון, דער גאָט פון זינד און אומגליק. אידער ער האָט אָבער די זכיה געהאָט, דאָס אידנטום זאָל פאַר אים די טויערן פון זיינע רעליגיעזע אנשוי־אונגען עפענען האָבן געמוזט פריער ביי אים א שיין ביסל די שווארצע מעכטיקע פליגל זיינע אונטערגעשניטן ווערן. דאן, ווען דאָס קריסטנ־טום האָט אים פאר א גאַנצן בעל הבית אין זיין רעליגיעזער אידייען־וועלט געמאַכט, דאן, ווען ער איז דאָרטן ווירקלעך, כמעט איינס מיט דעם פּראָטאָטיפּ זיינעם דעם פּערסישן גאָט אחרימון געוועזן, האָט ער אין אידנטום כלל ניט פון אַזאַ געהויבענעם כבוד געניסן געקענט.

דער אידישער שטן איז ניט קיין זעלבסטשטענדיקער כח. אים, ווי אלע אנדערע כחות, האָט גאָט באשאפן. און, ווי דער מענטש איז אויך ער א בעל בחירה. ווען ער וואָלט וועלן, וואָלט ער גאָר א „מליץ יושר", א „מלאך טוב" געקענט זיין. ער האָט אָבער דעם שלעכטן וועג פאר זיך אויסגעקליבן, דעם וועג פון מזיק ומשחית זיין. ווי די זאך זאָל אָבער ניט זיין — דער רבונו של עולם פירט אבער ניט מיט אים קיין חשבונות שארפע. ער פירט מיט אים קיין קאָנ־קורענץ ניט אָן און ער איז מיט קיין זעלבסטשטענדיקן כח ניט באַ־שענקט. ער קען נאָר מקטרג זיין, אָבער אליין קען ער קיין גזר ניט ארויסגעבן. ער קען נאָר דעם פסק פון רבונו של עולם מקיים זיין, ער קען אָבער אליין קיין פוסק ניט זיין. ער איז בכלל ניט פון זייער גרויסער באַדייטונג, ער איז ניט פון די „שוכני מעונה". אין „שאול תחתית" איז דער שטענדיקער פלאץ זיינער. און קומטער שוין יאָ אמאָל אין הימל, דרייט ער זיך דאָרטן, ווי א מצורע עלנד און אָפּגע־זונדערט ארום — א שמש, אויף וועלכן מען ווארפט די גאנצע מיאוסע און אומזויבערע ארבעט ארויף. בעדארף דער אלקי החסד והרחמים אָ בייזן אקט באגיין, פירט ער אים אויס דורך אים.*)

און דאָס זעלבע האָט אויך פּאסירט מיט דעם מלאך מטטרון. אמת עד פארנעמט אויך ביי אונז א גאנץ פיינע הימל שטעלע. ער איז דער "שר העולם". ער איז דעם רבונא של עולמס רעכטע האנט. ער איז דער ערשטער צווישן די אלע „רואי פני המלך מלאכים". ער איז אבער דאָך ניט קיין זעלבסטשטענדיקער כח. ער איז אָבער אלץ ניט מער, ווי נאָר א מלאך. טראָץ דער גאנצער פיינער באַ־האַנדלונג, וואָס ער קריגט אויך ביי אונז, איז וואָס פאר א פארגלייך איז דאָס גאָר מיט דער באהאנדלונג, וואָס ער האָט אין זיין ערשטן גלגול ביי די פערסער געהאט. ביי זיי איז ער א גאָט — דער גאָט מיטרא — געווען. איידער אבער ער האָט געקענט א תושב אין די אידישע הימלען ווערן, האָט ער זיך געמוזט אָפּזאָגן פריער פון זיין געטלעכן טיטול. איידער ער האָט געקענט נתעלה ווערן צו אָט יענער גרויסער מדרגה, ער זאָל פון אידנטום אלס דעם רבונו של

*) מער באריכות וועגן דאָזיקן ענין זע אין מיין בוך „צו דער ענטשטייאונג פון קריסטנטום".

עולמס רעכטע האנט דערקלערט ווערן, האָט ער געמוזט פריער א פּראָצעס פון גרויסער ירידה דורכמאכן. ער האָט פריער געמוזט פון זיך די געטלעכע קרוין אראָפּנעמען.

---

אזוי צו אזוי. וואָס אמבאלאַנגט אָט יענע עלעמענטן אויף דעם פעלד פון רעליגיעזע אָנשויאונגען, וואָס האָבן ניט געקענט באַרירן צום שלעכטן די הויפּט פּרינציפּן פון דעם אידישן רעליגיעזן כאַראַקטער, האָט דאָס אידנטום אלזא אין דער עפּאָכע, וועגן וועלכע מירריידן דאָ, ווירקלעך געלאָזט געוויסע ספערן פון זיין רעליגיעזן באַוואוסטזיין אונטער זייער איינפלוס שטעלן.

דאָס גלויבן אין מלאָכים האָט ביי די אידן א פול פאַרצווייגטן קאָנקרעטן אינהאַלט דאן דערוואָרבן. דאן, ווען ביז יענער עפּאָכע האָט נאָר דער טערמין מלאך עקזיסטירט, האָט ער נאָר די שוואכע, אלגע־מיינע אָנדייטונג פאַרמאָגט אויף דעם פיל אויסגעשפּראָכענעם קוואַנ־טיטיוו וואַגיקן אינהאַלט וואָס מיר געפינען אין אים שפּעטער — איז יעצט דער הימל מיט רבוא רבבות צבאות פון מלאכים באזעצט געוואָרן, מיט רבוא רבבות צבאות פון מלאכים, וואָס דאַרפן די משמשים פון כתר יה עליון זיין.

און דאָס זעלבע איז אויך פאָרגעקומען מיט דעם שטן באַגריף. אויב ער איז אויך נאָך פריער ניט גאָר אינגאנצן פרעמד געווען דעם אידנטום, ווי מיר געפינען בולטע סימנים וועגן דעם אין תנ״ך, איז דאָס געווען נאָר אויף אזוי פיל, אויף וויפיל, עס האָט ניט געקענט גאָר אינגאנצן אומבאַרירט בלייבן פון א באגריף, וואָס האָט אזא פעסטע אחיזה געהאט אין דעם רעליגיעזן לעבן פון פילע אנדערע פעלקער, נאָר אויף אזוי פיל, אויף וויפיל שוין די אויסערלעכע פאָרם פון דעם דאָזיקן באַגריף האָט געמוזט צוציענד זיין טראָץ דעם, וואָס זיין אינערלעכער אינהאלט האָט געקענט צו זיך א נעגאַ־טיווע באַציאונג ארויסרופן, אויף וויפיל עס האָט געמוזט אלס שפּראַכ־לעכער געווינס באטראכט ווערן צו באנוצן זיך מיט דער מעטאפי־זישער בילדלעכקייט פון דעם דאָזיקן באַגריף. אין עצם עיקר זיינעם אָבער האָט דער דאָזיקער באַגריף באלאנגט צו יענער קאַטעגאָריע

פון רעליגיעזע אָנשויאונגען, באַגריפן, וואָס דאָס אידנטום האָט, אמת, געוואוסט פון זיי, עס האָט זיך אָבער באַצויגן צו זיי נעגאַטיוו, עס האָט זיי באַקעמפט, אויסער זיינע גרעניצן געהאלטן. מיר געפינען דעם טערמין שטן אין תנ"ך. מען ווערט אבער מיט אים דאָרטן זייער שנעל אָפּגעפערטיקט. עס קומט דאָרטן וועגן אים קיין אריכות דברים ניט. ער פיגורירט דאָרטן, ווי א נאָמען אָן אינהאלט. ער ווערט דאָרטן, ווירקלעך, א סך מער נאָר אלס א מעטאפאר באַנוצט, ווי אלס טערמין, וואָס האָט אונטער זיך א באַשטימטן קאָנקורענטן אינהאלט: אלס מעטאפאר צו באַצייכענען דעם פאַטאַליזם אין מענטשלעכן שיקזאַל, אלס סימבאָל פון דער זינד פון מענטשן, וואָס ווערט שוין אליין אין א שליח פארוואנדלט, אים די שטראָף פאַר די זינד זיינע צו ברענגען.

ערשט אין דער עפּאָכע פון געפינען זיך פון די אידן אונטער דער פּערסישער הערשאַפט ווערט דער שטן באַגריף אין פולן קאָנקרעטן אינהאלט אין אידנטום איינגעבירגערט. ערשט דאַן האָט ער א קענטיקן פּלאַץ צווישן די אנדערע אידישע רעליגיעזע אָנשויאונגען פאַרנומען.

און צוזאמען מיט דעם שטן האָבן פון דער פּערסישער רעליגיעזער קולטור אריינגעוואנדערט אין דעם אידנטום די אלע מחנות פון זיינע משרתים משמשים. אויב אין דער ערשטער צייט פון זיין באַווייזן זיך אין די גרעניצן פון דער אידישער רעליגיעזער אידייען־וועלט איז ער נאָך ניט אזוי שטארק געווען, איז אים נאָך ניט אזא ברייטע ממשלה צוגעשריבן געוואָרן, האָט זיך זיין ממשלה וואָס שפּעטער אַלץ מער אויסגעברייט, איז זיין מאַכט דאַן אַלץ מער געוואקסן. אויב אמת, ער איז נאָך ניט אויך דאַן אזוי שטארק, אזוי מעכטיג ווי דער פּראָטאָטיפּ זיינער דער פּערסישער אחרימון, געווען, איז ער אָבער דאָך דאַן צו פיל מער מאַכט, צו פיל מער אָנגעזעענקייט דערהויבן געוואָרן. מיט דער צייט איז אים א גאנצע אייגענע קעניגרייך אוועקגעגעבן געוואָרן, די קעניגרייך פון פינסטערניש, איבער וועלכער ער האָט געהערשט אלס דער העכסטער כח פון אלעם בייזן. דערצו זיינען נאָך צוגעקומען די שדים, מזיקים, מלאכי חבלה, די אומצייליקע בייזע גייסטער, וואָס געפינען זיך

מיט אים אין שאול תחתיה, וואָס שטייען גרייט שטענדיק צו טאָן דעם בייזן ווילן זיינעם, ווי די גוטע מלאכים רינגלען גאָט אין הימל ארום שטענדיק זיין גוטן ווילן צו טאָן. צוזאַמען דערמיט, וואָס דאָס אידנטום האָט געהאט צו דערציילן וועגן די אַנפירער פון די מלאכים, וועגן די העכסטע שרים זייערע, האָט עס אָנגעהויבן צו דערציילן אויך וועגן די אַנפירער פון די שדים, וועגן זייערע העכסטע שרים, צוזאַמען דערמיט, וואָס עס האָט אָנגעהויבן יענע ביי די נעמען רופן האָט עס אויך די ביי די נעמען אָנגעהויבן צו רופן.

כ״ה

# די שכר ועונש אידייע

די שכר ועונש אידייע אין תנ״ך. — דער מאָטיוו פון „לא יהללו יה״ אין תנ״ך. — אין תנ״ך ווערט ניט גערעדט פון שכר ועונש אויף יענער וועלט. — דער שכר, ווי דער עונש, זיינען דאָרטן שטענדיק נאָר מיט דער וועלט פאַר־בונדן. — „ונתתי מטר ארצכם בעתו״ איז דער שכר, און דער „ועצר את השמים ולא יהיה מטר״ איז דער עונש. — דאָס פאַרבינדן דעם ענין פון שכר ועונש מיט א יענער וועלט אין די שפּעטערע צייטן. — די מאָטיוון, וואָס האָבן גורם געווען דערצו.

אין יענער צייט האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַנקלעפּן צום אידנטום די אידייע פון א לעבן נאָך דעם טויט, פון שכר ועונש פאַר די גוטע אָדער שלעכטע מעשים, וואָס דער מענטש טוט ביים לעבן — אויף יענער וועלט.

ווי באַוואוסט, איז אין דער תורה, ווי אויך אין די נביאים, גאָר ניטאָ אַזוינס, וואָס זאָל אונז מאַכן גלויבן, אז דאָס אידנטום האָט אין די אַלטע צייטן געגלויבט אין א לעבן נאָך דעם טויט. אמת, מיר געפינען אויך אין די פאַר דעם גלות בבל טיילן פון תנ״ך אַזוינע טערמינען, וואָס האָבן לויט זייער פילאָלאָגישן אינהאַלט א שייכות מיט א גלויבן אין א אונטערערדישער קעניגרייך, מיט דעם גלויבן אין א לעבן נאָך דעם טויט. דאָס קען אָבער בשום אופן פאַראונדז אַלס באַווייז ניט דינען, אז דאָס אידנטום האָט דאָס דאָזיקע גלויבן פּראַקטיצירט. ווארום צוזאַמען מיט דעם געפינען זיך פון די דאָזיקע טערמינען, דורך וועלכע מיר באַדאַרפן עס קומען צו דער איבער־ציינגונג, אז דאָס אידנטום פון יענער צייט האָט יאָ אין דעם אַלעם געגלויבט, געפינען מיר דאָרטן אויך גענוג שטעלן, אין וועלכע עס ווערט אונדז אין קלאָרע, דייטלעכע ווערטער דערציילט, אז דאָס אידנטום פון יענע אַלטע צייטן האָט שטענדיק נאָר א נעגאַטיווע

באַציאונג געהאַט צום דאָזיקן גלויבן. דער מאָטיוו פון „לא המתים יהללו יה ולא כל יורדי דומה", ווערט מערערע מאָל אין פאַרשידענע וואַריאַנטן אין תנ"ך איבערגעחזרט. עס איז קלאָר דעריבער, אַז די דאָזיקע טערמינען זיינען אין דער העברעאישער שפּראַך „שמות שנתרוקנו מתוכנן" געווען. זיי האָבן אין איר ניט געהאַט אָט יענעם פולן אורשפּרינגלעכן פילאָלאָגישן אינהאַלט, וואָס זיי האָבן ביי די אַנדערע פעלקער געהאַט. עס איז אין זיי ניט איבערגעגעבן געוואָרן דער פולער באַגריף, וואָס זיי האָבן אין די אַנדערע שפּראַכן באַ־צייכנט. צוליב זייער שפּראַכלעכער קלאָר־רייכקייט, צוליב זייער שפּראַכלעכער אויסדרוקספולקייט, האָט זיי דאָס אידישע פאָלק אי־בערגענומען. עס האָט אָבער ניט איבערגענומען צוזאַמען מיט זיי די רעליגיעזע אָנשויאונגען, וואָס זיינען אין זיי אָנגעהעפט געווען.

אמת, ביי ישעיהן געפינען מיר א בילד וועגן דעם ג רויסן רושם וואָס דאָס קומען פון מלך בבל אין דעם קעניגרייך פון די טויטע, נאָך דער גרויסער מפּלה, וואָס ער וועט האָבן, וועט אויף די דאָרטיקע איינוואוינער מאַכן. אין פאַרבנרייכע שילדערונגען גיט ער אונדז דאָרטן א בילד וועגן דעם, ווי אזוי דאָס אָנקומען פון מלך בבל וועט אן אומרואיקייט אריינטראָגן צווישן די „שאול" איינוואוינער, ווי שטאַרק עס וועט זיין די שרעק פון די מלכים, פון די שרים, וואָס האָבן ביי זייער לעבן אונטער זיין שווערן יאָך געקרעכצט, ווען זיי וועלן פאר זיך דעם נייעם גייסט דערזען. זיי וועלן זיך דערשרעקן, אַז אויך דאָ וועט ער זיי אונטעריאָכן. אז אויך זיין טויטע האַנט וועט אויף זיי אזוי שווער פאַלן, ווי זי איז אויף זיי אזוי שווער געפאַלן, ווען ער איז אין לעבן געווען. לאַנג וועט אבער די שרעק ניט אָנהאַלטן. זיי וועלן זיך איבערצייגן באלד, אַז ער איז דאָ ניט מער מיוחס פאר זיי, אז ער איז איצט ניט מער פאר זיי מעכטיק, און זיי וועלן אָנהויבן זיך לוסטיק מאַכן איבער אים, וואָס פאר א תכלית עס איז פון אים געוואָרן, ווי אזוי אויך ער לײדט פונקט ווי זיי פון דער זעלבער קרענק, ווי אזוי אויך ער איז צו די אלע אנדערע יורדי בור גלייך.

מען בעדאַרף זיך אָבער לאָזן פאַרפירן פריער פון אומגעהויער אויבערפלעכלעכקייט, איידער מען קען קומען צו דער באהויפּטונג אויף דעם סמך פון דעם אלעם, אז דער נביא האָט, ווירקלעך, אין

אַן אונטערערדיש לעבן פון די געשטאָרבענע געגלויבט. עס איז קלאָר, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט דברי שירה, מיט פּאָעטישער בילדלעכ־קייט. עס איז קלאָר, אַז דער נביא האָט אונדז ניט אָנגעגעבן די דאָזיקע אַלע שילדערונגען אַלס פאַקטן, וואָס דאַרפן געשען, נאָר אַז ער האָט זיך באַנוצט מיט זיי אַלס מיטל, דורך וועלכן עס זאָל שטאַרקער אויסדרוק געגעבן ווערן צו דער שילדערונג פון דער דערשיינונג, וואָס ער האָט אונדז געוואָלט געבן, וועגן דער ערשטוינונג, וואָס די מפּלה פון נבוכדנצרן וועט אין דער ברייטער וועלט אַרויסרופן. ריידנדיק צו דער וועלט, צו די אַרומיקע פעלקער וועגן דעם שיקזאַל, וואָס דערוואַרטעט נבוכדנצרן האָט ער צו זיי אין דער שפּראַך פון זייערע רעליגיעזע באַגריפן, פון זייערע רעליגיעזע אָנשויאונגען גערעדט. ער האָט פון די אוצרות פון זייער אייגענער פּסיכיק פאַרב און קאָליר גענומען צו שילדערן אין וואָס מער אויסדרוקספולע ביל־דער די מפּלה פון מלך בבל.

אויב אָבער מען קען ניט זען פון יענעם בילד אין ישעיהו א באַוויז דערויף, אַז דאָס אַלטע אידנטום, דאָס אידנטום פון פאַר דעם גלות בבל, האָט דאָס גלויבן אין א לעבן נאָך דעם טויט פאַרמאָגט, קען מען אָבער זען פון דעם, אַז די באַהויפּטונג, אַז דאָס דאָזיקע גלויבן איז געווען א גאַנץ נייע זאַך פאַר דעם אידנטום, ווען דאָס אידישע פאָלק האָט זיך אונטער דער פּערסישער הערשאַפט געפונען, ניט נאָר אין דעם זין פון זיין אקצעפּטירן עס, נאָר אויך אין דעם זין פון זיין גאָר אינגאַנצן באַקאַנט מיט דעם — איז גענצלעך פאַלש.

פון דעם אויבנגעבראַכטן בילד ווי אויך פון נאָך אַנדערע אָנדיי־טונגען אין תנ״ך, זען מיר, אַז פּונקט, ווי פילע אַנדערע רעליגיעזע אָנשויאונגען, וואָס זיינען א וויכטיקער באַשטאַנד טייל געווען פון דעם רעליגיעזן דאָקטרין פון די אַרומיקע פעלקער, איז אויך די דאָזיקע פאָרשטעלונג וועגן דעם מענטשן נאָך זיין טויט באַקאַנט דעם אידנטום געווען. פּונקט אַבער, ווי עס האָט אין די יונגע יאָרן פון זיין רעלי־גיעזער ענטוויקלונג, איידער עס האָט פאָלשטענדיקע רעליגיעזע רייפ־קייט דערוואָרבן, צו זיי אַלע א נעגאַטיווע באַציאונג פאַרמאָגט, האָט זיך עס אויך צו דער דאָזיקער אָנשויאונג נעגאַטיוו באַצויגן. צוזאַמען מיט די אַלע אַנדערע רעליגיעזע אָנשויאונגען פון דעם מין האָט עס אויך די דאָזיקע רעליגיעזע אָנשויאונג באַקעמפט.

און דעריבער זען מיר, אז צוזאמען מיט דעם, וואָס עס ווערט אין תנ״ך איבערגעחזרט אין פארשידענע וואריאנטן דער מאָטיוו פון „לא המתים יהללו יה ולא כל יורדי דומה״, ווערט אויך מיט קיין וואָרט דאָרטן ניט אָנגעדייטעט וועגן שכר ועונש אויף יענער וועלט. איבעראַל, וואו עס רעדט זיך דאָרטן וועגן שכר ועונש, אי בנוגע צום כלל און אי בנוגע צום פרט, ווערט דער שכר ועונש ענין נאָר מיט דער וועלט פארבונדן. די באַלוינונג, וואָס גאָט זאָגט צו דעם אידישן פאָלק דערפאר, וואָס זיי וועלן אין זיינע וועגן גיין, איז די באלוינונג פון „ונתתי מטר ארצכם בעתו, יורה ומלקוש, ואספת דגנך, תירושך ויצהרך״. און די שטראָף, וואָס ער וועט אויף זיי ברענגען, ווען זיי וועלן ניט אויספאָלגן די געבאָטן זיינע, וועט זיין „ועצר את השמים ולא יהיה מטר והאדמה לא תתן את יבולה״. יעדן מאָל, וואָס די תורה פארזאָגט די אידן, זיי זאָלן אין גאָטס וואָרט ניט פאר־געסן, דראָט זי זיי מיט דעם, אז אויב זיי וועלן עס יאָ טאָן, וועלן זיי פון זייערע שונאים באזיגט ווערן און פון זייער לאַנד פארטריבן ווערן. דאַגעגן אבער, ווען זיי וועלן זיין ווילן יאָ טאָן, וועט קיין שונא ניט שטארק גענוג קענען זיין אנטקעגן זיי, וועלן זיי אין שטענ־דיקן פרידן מיט זייער בליענד לאַנד פאראייניקט זיין.

דאָס אידנטום האָט דאן — אין דער עפּאָכע, וועגן וועלכער מיר ריידן — אריינגענומען דאָס גלויבן אין יענער וועלט, וואָס גייט צוזאַמען מיט דעם שכר ועונש גלויבן, דורך די זעלבע מאָטיוון, וואָס האָבן געווירקט דאן אויף דעם, עס זאָל פילע אנדערע ענלעכע גלויבנס אין זיך אריינגעמען. אויך דאָ האָבן די הויפט ראָלע געשפּילט אינער־לעכע פאַקטאָרן, ניט קיין אויסערלעכע. אויך דאָס אקצעפּטירן פון דעם דאָזיקן גלויבן איז געווען מער א פּראָצעס פון אייגענעם צו קומען צו דעם, א פּראָצעס פון אייגענער, ארגאַנישער ענט־וויקלונג, ווי א פּראָצעס פון געצוואונגענעם אונטערגעוואָרפן ווערן אונטער פרעמדן איינפלוס. דאָס אידנטום האָט איצט באַדאַרפט האָבן נייע עלעמענטן, וואָס זאָלן אויספילן דעם ליידיקן חלל, וואָס איז אין אים איצט געשאַפן געוואָרן מיט דעם אָנקומען פון זיין פּאָל־שטענדיקער רעליגיעזער רייפקייט, נייע רעליגיעזע עלעמענטן, וואָס זאָלן פארבייטן די פריערדיקע רעליגיעזע געשפּאנטקייט, וואָס דאָס אידנטום האָט פארמאָגט, די פריערדיקע רעליגיעזע גערייצקייט, אין

וועלכן עס איז געהאלטן געוואָרן אין דער צייט פון זיין רעליגיעזן וואקסן, פון זיין צייטיק ווערן, אין דער דערוועדבונגס־צייט פון זיין רעליגיעזער רייפקייט.

די אינערלעכע אויפגערעגטקייט, אין וועלכער יעדער רעליגיעזע אידייע דאַרף אירע אָנהענגער האלטן, דער נאַרקאָטישער עלעמענט, וואָס זי באַדאַרף פאַרמאָגן פאַר זיי, די דאָזיקע אלע פסיכישע מאָמענטן אויף דעם געביט פון רעליגיעזן לעבן, וואָס זיינען פריער ארויסגע־בראַכט געוואָרן אין אידנטום דורך דער ליידנשאַפט פון דעם קאַמף זיינעם, עס זאָל אין זיך ביז די טיפסטע טיפענישן זיינע די מאָנאָ־טעאיסטישע אידייע איינזויגן, האָט איצט, ווען די מאָנאָטעאיסטישע אידייע האָט זיך אויף דעם באָדן פון דעם רעליגיעזן באַוואוסטזיין פון אידישן פאָלק אין שטאַרקסטע, זיכערסטע פאָזיציעס שוין געהאַט פאַרפעסטיקט, שוין פון אנדערע קוואלן געמוזט קומען. דאָס אלעס האָט געמוזט קומען איצט דורך אריינברענגען אין דער רעליגיעזער קאָנצעפּציע פון אידנטום א מער פאַנטאַסטישן עלעמענט, מער מיסטישע וועלט באַנעמונג. אנשטאָט, וואָס ביז דאָן איז דאָס אלעס אויף א ראַציאָנאַלן וועג דערגרייכט געוואָרן, דורך דעם קאמף פאַר אירע ראַציאָנאַלע פאָרשטעלונגען וועגן דער גאָטהייט, דורך דער באַקעמפונג פון די אלע איראַציאָנאַלע עלעמענטן, אין וועלכע עס האָט זיך גע־פלאָנטערט די פאָרשטעלונג וועגן גאָט פון די ארומיקע פעלקער, האָט זי געמוזט איצט אויף אן איראַציאָנאלן וועג דערגרייכט ווערן, דורך אריינגעמען — נאָך א באַדייטנדער מאָדיפיצירונג, אמת — אין זיך פילע פון די פריער פון איר באַקעמפטע איראַציאָנאַלע עלעמענטן. מיר האָבן פאַר זיך דאָ — אין א געוויסער מאָס — איינעם פון די דיאלעקטישע פּראָצעסן, וועלכע זיינען כלל ניט אַזאַ זעלטענע דער־שיינונג אין די שאַפונגס ספערן פון דעם מענטשלעכן גייסט.

וואָס אמבאלאַנגט אָבער דעם שכר ועונש גלויבן, דעם גלויבן אין יענער וועלט זיינען די מאָטיוון, וואָס האָבן געווירקט דערויף, עס זאָל דאָס אלעס אקצעפּטירט ווערן פון אידנטום פון א נאָך מער אינערלעכן כאַראַקטער געוועזן. די אורזאכן, וואָס האָבן ארויסגערופן די איבערפלאַנצונג פון די דאָזיקע רעליגיעזע אנשויאונגען אין אידנטום זיינען אויף א נאָך מער קאָנקרעטן, דירעקטן וועג געוועזן. דאָס אידנ־טום האָט אין דעם אלעם אן עלעמענט פון באַרואיקונג געקענט

געפינען אויף די נייע טעאָלאָגישע פּראָבלעמען, וואָס האָבן זיי אָנגע־הויבן צו באַאומרואיקן. זיי האָבן געמוזט צוקומען צו דעם אַלעם איבער דעם וועג פון פאַרטיפן זיך אין רעליגיעזע חקירות, איבער דעם וועג פון דעם אויפגעוואכטן אין זיי פאַרשענדן דענקענדן גייסט. די דאָזיקע רעליגיעזע אָנשויאונגען האָבן פאַר זיי באַדאַרפט שאַפן די מעגלעכקייט, זיי זאָלן קענען גערעכטיקייט אין גאָטס וועגן זען, פאַרשטיין דעם ענין פון זיין אופן פירן די וועלט, פאַרענטפערן פאַר זיי דאָס פּראָבלעם פון „צדיק וטוב לו און רשע ורע לו".

די פילע קאַטאַסטראָפעס, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט איבער־געלעבט, די געדריקטע לאַגע, אין וועלכער זיי האָבן זיך געפונען, דאָס אַלעס האָט געמאַכט קלאָר פאַר זיי, אַז אויך בנוגע דער צוקונפט קענען זיי זיך ניט שפּייזן מיט קיינע ליכטיקע האָפענונגען אויף גרויסן פּאָליטישן איינפלוס. דאַן ווידער האָבן זיי אויך אין דעם לעבן פון דעם פּרט צופיל סתירה געזען צו דער באַהויפּטונג, אַז גאָט באַצאָלט דעם „צדיק כצדקתו" און דעם „רשע כרשעתו". זיי האָבן אין אַרומיקן לעבן געזען, אַז דאָס גליק אָדער דער אומגליק פון מענטשן איז כלל ניט לויט די גוטע אָדער שלעכטע מעשים, וואָס ער טוט.

די פריערדיקע פאָרמולירונג פון דעם אינהאַלט פון דער שכר ועונש אידייע, אַז גאָט באַצאָלט דעם כלל מיט אושר מדיני אָדער חורבן מדיני דערפאַר, וואָס ער טוט דעם ווילן זיינעם — דעם ווילן פון גאָט — אָדער ער גייט קעגן זיין ווילן, אַז ער באַצאָלט דעם פּרט מיט גליק אָדער אומגליק פאַר זיין גוטער אָדער שלעכטער אויפפירונג, האָט דעריבער געמוזט געענדערט ווערן אין רעליגיעזן באַוואוסטזיין פון אידישן פאָלק אין אַן אופן, עס זאָל די גערעכטע הנהגה פון גאָט מיט דעם מענטשן אונטער קיין צווייפל ניט קענען געשטעלט ווערן.

און אַזוי האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף דער נויטווענדיקייט צו אקצעפּטירן דאָס גלויבן אין א לעבן נאָך דעם טויט, וואָס זיי האָבן ביי די אַרומיקע פעלקער געפונען, אויף דער נויטווענדיקייט צו אַק־צעפּטירן א גלויבן, וואָס דאָס אידנטום האָט ביז איצט געהאַלטן אָפּגעשטויסן פון זיך, כדי צו זוכן אין דעם הילף פון די זיי באַאומ־רוהיגנדע רעליגיעזע ספיקות, כדי צו לייגן עס אַלס יסוד, אויף וועלכן זיי זאָלן בויען זייער נייע קאָנצעפּציע וועגן דער שכר ועונש אידייע.

די אידייע, אז מיט דעם קומען פון טויט פאר דעם מענטשן, ענדיקט זיך ניט דאָס לעבן זיינס, האָט זיי געגעבן די מעגלעכקייט צו פאַרענטפערן די אויגנשיינלעכע סתירות אין דער הנהגת העולם פון גאָט; צו איבערטראָגן דעם יום השילום זיינעם פאר דעם מענטשן אויף יענער וועלט. עס איז אין גאָטס פירונגען קיין אומרעכט ניט פאַראַן. ער גלייכט אויס, סוף כל סוף, די חשבונות זיינע מיט די מענטשן; ער באצאָלט סוף כל סוף יעדן איינעם דאָס וואָס אים קומט. ער באַצאָלט אים אבער ניט אין דעם צייטווייליקן פאַרביילויפנדן לעבן, נאָר אין אייביקן לעבן, ניט אויף דעם עולם החומר, נאָר אויף דעם עולם הנשמות.

כ"ו

# פרעמדע עלעמענטן אין דער שכר ועונש אידייע

אייגענע אינערלעכע ענטוויקלונג און פרעמדע באַווירקונג. — די איינטיילונג אין פערסישן רעליגיעזן דאָקטרין פון גאנצן אוניווערזום אין צוויי באזונדערע קעניגרייכן. — דער פערסישער פאַראַדיז און דער ביבלישער גן עדן. — די פערסישע אונטערערדישע קעניגרייך און דער ביבלישער גיהנום. — שכר ועונש פאר דעם יחיד און שכר ועונש פאר דעם גאנצן אידישן כלל.

אויב אבער די אידייע וועגן שכר ועונש איז אין איר הויפּט פּרינציפּ א פּראָדוקט פון אייגענער אינערלעכער ענטוויקלונג, פון צו־קומען צו איר דורך אייגענע ווירקנדע כחות, איז אבער דער גרעסטער טייל פון דעם אויספירלעכן אינהאלט אירן, די אויספירלעכע פּרטים פון דעם בילד, וואָס זי גיט אונז וועגן דעם לעבן אויף יענער וועלט פארמירט געוואָרן — אין א גרויסער מאָס — אונטער דער ווירקונג פון פּערסישן איינפלוס.

ווי דער לעזער האָט שוין געהערט פון אונז ביי אנדערע געלעגנ־הייטן, איז, לויט דעם אריאנער רעליגיעזן דאָקטרין דער גאנצער אוני־ווערזום איינגעטיילט געוואָרן אין צוויי קעניגרייכן: די קעניגרייך פון ליכט און די קעניגרייך פון פינצטערניש. די ריינע מענטשן, די דינער פון אלהי האור, פון א הוראמאזדא, האָט דאָס דאָזיקע דאָקטרין געלערנט, זיי באלאנגען צו דער קעניגרייך פון ליכט, און די זינדיקע, די, וואָס דינען דעם אלהי החושך, צו אחרימון, זיי באלאנגען צו דער קעניגרייך פון פינצטערניש, און אָט אזוי איז דאָס אויך נאָך דעם טויט. נאָך דעם, וואָס די נשמה בלייבט איבער אין א משך פון דריי טעג נעבן דעם גוף, אין וועלכן זי האָט זיך ביים לעבן פון מענטשן געפונען, ווערט זי אוועקגענומען פון דער וועלט און אויב זי איז פון

א מענטשן, וואָס האָט זיך גוט אויפגעפירט אויף דער וועלט, ווערט זי געבראַכט פון די גוטע גייסטער אויבן אין „ליכטיקן גאָרטן". אויב אָבער זי איז פון א מענטשן, וואָס האָט זיך שלעכט אויפגעפירט, ווערט זי אראָפּגעבראַכט פון די בייזע גייסטער אין „שאול תחתית".

און אָט דאָס בילד וועגן דעם, אויף וואָס פאר אן אופן עס ווערט „שכר ועונש" געגעבן, דער באַגריף וועגן דעם, וואָס יענע וועלט איז אזוינס, די איינטיילונג אירע אין צוויי באזונדערע קעניגרייכן, איינע פאר די צדיקים און איינע פאָר די רשעים — דאָס אלעס איז אריינ־געקומען געוואָרן איצט אין דעם שכר ועונש דאָקטרין פון אידנטום. דער פערסישער פאראדיז איז אין דעם פארוואנדלט געוואָרן אין דעם ביבלישן גן עדן, וואָס דארטן האָט גאָט באזעצט, ווי עס ווערט אין חומש דערציילט, אדם הראשון, וואו ער האָט זיך אויפגעהאלטן די גאנצע צייט איידער ער איז דעם חטא פון עסן פון עץ הדעת באַ־גאנגען. און די אונטערערדישע קעניגרייך איז גערופן געוואָרן גיהנום, מיט דעם נאָמען פון דעם פלאץ, וואו פילע פון די אידן האָבן אנגעהויבן מקריב צו זיין זייערע קינדער פאר קרבנות.

און פון דעם גלויבן אין א לעבן נאָך דעם טויט, אין שכר ועונש נאָך דעם טויט, איז שוין אויך, ווי איך האָבדערויף שוין פארבייגייענדיק פריער אָנגעוויזן, זייער נאָענט צום גלויבן אין תחית המתים איבערגיין.

די אייגענע אינערלעכע פאקטאָרן, דער אייגענער געדאנקגאַנג, וואָס האָבן דאָס אידנטום פון יענער צייט צו יענעם גלויבן געפירט, האָבן אים אויך צו דעם דאָזיקן גלויבן געבראַכט.

אויב די נייע שכר ועונש אידייע האָט די מעגלעכקייט פארמאָגט צו פארענטפערן גאָטס פירונגען אין באצוג צום אידישן יחיד, אָנצונעמען אלס אן אמת דאָס, וואָס זייערע רעליגיעזע לערער האָבן זיי געלערנט וועגן גאָטס גערעכטן משפט מיט די מענטשן, האָט דער גלויבן אין תחית המתים געגעבן זיי די מעגלעכקייט צו פארענטפערן די אויגנ־שיינלעכע סתירות אין גאָטס פירונגען מיט דעם גאנצן אידישן כלל, מיט דעם גאַנצן מענטשלעכן כלל, אָנצונעמען אלס אמת, וואָס די גרויסע רעליגיעזע לערער האָבן זיי געזאָגט וועגן די ליכטיקע טעג, וואָס וועלן פאָר די מענטשן קומען, ווען אלע פעלקער, אלע מענטשן וועלן אין פרידן, אין ברידערלעכער ליבע לעבן, ווען עס וועט פאר יעדן נאָר גליק הערשן.

די אַלע אומרעכטן זיינען נאָר צייטווייליקע, ווי עס איז נאָר צייט־ווייליק אויך דאָס איצטיקע לעבן אויף דער וועלט, וואָס איז ניט מער ווי נאָר א קליין רינגעלע אין דער גרויסער לעבנס קייט. אונזער לעבן שעפּט זיך ניט אויס מיט אונזער געפינען זיך איצט אויף דער וועלט. מיט דעם אָנקומען פון טויט הערט נאָך ניט אונזער לעבן אויף. אונזער לעבן איצט איז מער ניט, ווי דער אָנהויב פון דעם אייביקן אומענדלעכן לעבן, מיט וועלכן מיר זיינען באַשאַנקען. דער טויט איז ניט דער סוף פון לעבן, נאָר זיין ווייטערע לענגערע פאָרטזעצונג. דער טויט איז ניט די ענדע פון לעבן, נאָר דער בריק, וואָס פירט פון דעם צייטווייליקן לעבן צום אייביקן לעבן, צו וועלכן די טויטע וועלן אין דער ווייטער צוקונפט נאָכאַמאָל אויף דער וועלט דערוואַכן.

און דאַן, ווען עס וועט דאָס אייביקע לעבן פאַר דעם מענטשן קומען, וועט צוזאַמען דערמיט פאַר אים אויך דאָס אייביקע גליק קומען.

די באַדינגונגען פון אידישן לעבן דאַן, דאָס ניט פילן קיין פעסטן פּאָליטישן באָדן אונטער זייערע פיס, דאָס ניט פילן קיין באַשטענדיקייט אין דעם שיקזאל זייערן, דאָס לעבן איז א וועלט פון רוחניות שטענדיק האָט מיטגעווירקט דערצו, עס זאָל זיך ביי זיי א מעטאַפיזישע קאָנ־צעפּציע וועגן לעבן און טויט ענטוויקלען, אז עס זאָל אויך אין זייער רעליגיעזן דאָקטרין אריינגעבראַכט ווערן א גלויבן אין תחית המתים אין די זעלבע הויפּט שטריכן, אין וועלכע עס האָט זיך געפונען דאָס דאָזיקע גלויבן ביי די פּערסער, וועלכע האָבן געגלויבט, אז דאָס דער־וואַכן צום לעבן פון די טויטע וועט פאָרקומען אין דער צוקונפט דאַן, ווען אהוראמאזדא וועט איינבעמען און פאַרטיליקן זיין קאָנקורענט, ווען דער אלהי החושך וועט דאַרפן אוועקגעבן אים די אַלע קערפּערס פון די צדיקים, וואָס ער האָט אוועקגעגאַנוועט.

כ"ז

# תחית המתים אלס איינער פון די וויכטיקסטע עיקרי האמונה

דער אלגעמיינער סך הכל פון דעם, וואָס עס איז געזאָגט געוואָרן ביז איצט וועגן דעם ענין פון קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן די פערסער און די אידן. — פרעמדער „מראה עינים" און אייגענער „הלך נפש". — פערסישער איינפלוס און אלגעמיינער פרעמדער איינפלוס. — די פּאָזיציע, וואָס דאָס גלויבן אין תחית המתים האָט מיט דער צייט דערוואָרבן פאר זיך אין דעם רעליגיעזן אידישן דאָקטרין. — ווערט דערהויבן מיט דער צייט צו דער מדרגה פון א וויכטיקן אידישן עיקר.

דער אלגעמיינער סך הכל פון דעם אלעם, וואָס מיר האָבן געשריבן ביז איצט וועגן דעם ענין פון קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן „די פערסער און די אידן" איז, אַז די באַהויפּטונג, וואָס ווערט געמאכט, אז די אלע הויפּט ווערטן אויף דעם געביט פון רעליגיעזער קולטור, וואָס מיר קאָנסטאטירן ביים אידנטום פאר דער צייט, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט זיך אונטער דער פערסישער הערשאפט געפונען, איז א פּראָדוקט פון דעם דאָמינירענדן פערסישן איינפלוס דאן אויף דעם אידנטום — איז אבסאָלוט גרונדלאָז. מען קען רעדן וועגן קעגנזייטיקן רעליגיעזן איינפלוס צווישן די דאָזיקע צוויי פעלקער. מען קען אָבער בשום אופן ניט ריידן וועגן דאָמינירנדן פערסישן איינפלוס.

און אויב מען קען זיך יאָ באנוצן מיט דעם טערמין דאָמינירענדן אין דעם פאַל, קען מען עס טאָן נאָר אין באצוג צום אידישן איינפלוס, אָבער ניט אין באצוג צום פערסישן.

מיר האָבן באוויזן, אז וואָס אמבאלאנגט דעם פראקטישן טייל פון אידנטום, דעם ריטואַל זיינעם, זיינען די פערסער די יעניקע געווען, וואָס האָבן פילע זאַכן, ווי אויף דעם געביט פון זייערע טומאה וטהרה

פירונגען, פון דעם אידנטום איבערגענומען. די אלע טומאה וטהרה פאַרשריפטן פון דער תורה מאַכן דעם איינדרוק לויט זייער אינערלעכער לאָגיק, לויט זייער אָרגאַנישער פּסיכאָלאָגיע, לויט די פאַרמולן פון זייער דורכגעפירט ווערן, לויט די צילן און מאָטיוון, וואָס עס ווערן זיי אין דער תורה צוגעשריבן, מיטאיינעם וואָרט, לויט די אלע גרונד־פּרינציפּן, אויף וועלכע זיי באזירן, ווי אָריגינעלע, אייגענע פלאַנצונגען, ווי פירונגס־נאָרמען, וועלכע זיינען אָרגאַניש צוזאַמענגעוואקסן מיט דעם פאָלק. דאגעגן מאכן אבער די פּערסישע טומאה־טהרה פאַרשריפטן צוליב דעם אלעם פריער אויסגערעכנטן א פונקט פאַרקערטן איינדרוק. זיי האָבן ניט קיין אינערלעכע לאָגיק. זיי האָבן ניט קיין אָרגאַנישע פּסיכאָלאָגיע. פון זייער איראַציאָנאַלן, פאַרפלאָנטערטן אינהאלט איז צו זען, אז זיי זיינען ניט קיין שפּראָצונגען, וואָס זיינען אויף אייגענעם באָדן גע־וואקסן, אזוי זיי זיינען פון דער פרעמד איבערגענומען געוואָרן.

און אויך דאָס טעאָרעטישע אידענטום פון יענער צייט, די אידישע רעליגיעזע קאָנצעפּציע וועגן גאָט, דער אידישער מאָנאָטעאיזם האָט א גרויסן איינפלוס אויסגעאיבט אויף די פּערסער ניט נאָר אין דעם זין, אז פילע פון זיי זאָלן גאָר אינגאנצן איבערגיין אין אידישן גלויבן, נאָר אויך אין דעם זין צו בעאיינפלוסן דאָס גאנצע רעליגיעזע סיסטעם פון די פּערסער, אריינטראָגן גאנץ נייע עלע־מענטן אין זייער קאָנצעפּציע וועגן דער גאָטהייט. דער מאָנאָטעאיסטישער קאָליר, וואָס געפינט זיך אין דעם פּערסישן רעליגיעזן דאָקטרין — וואָס איז אין עצם עיקר זיינעם דואליסטיש — וואָס אמבאלאנגט דעם מקור ראשון פון דער יצירה און דעם באחרית הימים אירן איז אָן צווייפל א פּראָדוקט פון אידישן איינפלוס. זיי האָבן עלעמענטן פון אידישן מאָנאָטעאיזם איבערגענומען, פאַרדייטנ־דיק זיי נאָר אויף אזוי פיל, אויף וויפיל זיי זאָלן קענען לעבן צוזאמען מיט די גרונד־פּרינציפּן פון זייערע אייגענע אלטע רעליגיעזע אָנשויאונגען. זיי האָבן אויך דאָ דאָס זעלבע געטאָן, וואָס זיי האָבן געטאָן מיט די טומאה־טהרה געזעצן, וואָס זיי האָבן איבערגענומען פון אידנטום. אין איינקלאַנג מיט זייערע רעליגיעזע אָנשויאונגען האָבן זיי די דאָזיקע איבערגענומענע געזעצן אנדערע צילן און מאָטיוון צוגעשריבן, האָבן זיי אויך דעם אינהאלט זייערן געענדערט. דער ראַציאָנאלער כאַראַקטער פון דעם אלעם אין אידנטום איז ביי זיי

אויף אַ איראַציאָנאַלן כאַראַקטער געענדערט געוואָרן. די תורה האָט באצוועקט מיט די טומאה־טהרה געזעצן אירע, אז דאָס אידישע פאָלק זאָל אין סאַניטארע לעבנס־באַדינגונגען לעבן. און דעריבער האָט זי צום אלעם ערשטן פאַרגעשריבן מיט וואַסער זיך צו וואַשן אלס מיטל פון טומאה זיך צו רייניקן. די פערסישע טומאה־טהרה סיסטעם אָבער האָט ראשית כל באצוועקט די בייזע גייסטער זאָלן באקעמפט ווערן, די קליפות זאָלן באזיגט ווערן. און דעריבער פארנעמען אזא אַנגעזעענעם פּלאַץ די השבעות און לחשים אלס מיטלען פון טומאה דורך זיי זיך צו רייניקן. און דעריבער איז ניט נאָר שרייבן ניט פאָר די פערסישע טומאה־טהרה געזעצן וואַסער אלס מיטל דורך וועלכן דער פערסער זאָל זיך פון זיין טומאה רייניקן נאָר, פארקערט נאָך, זיי פארזאָגן אים, ער זאָל למען השם זיך גאָר איינגאנצן אין קיין וואַסער ניט אָנרירן ווען ער איז טמא, כדי זיין טומאה זאָל ניט אויף דער וואַסער איבערגיין.

און פונקט ווי דער אידישער איינפלוס אויף די פערסער אין באצוג צו אייניקע ריטועלע נאָרמען איז דאָמינירנד און אויסשליסלעך געווען, ווייל ער איז פון וואָגיקן, וויכטיקן אינהאלט געווען און איז פון די פערסער דירעקט און גאָר פון די אידן איבערגענומען געוואָרן, אזוי איז פארקערט, דער פערסישער איינפלוס אויף דעם אידנטום ניט דאָמינירנד און אויסשליסלעך געווען.

אַ גרויסן טייל פון די נייע עלעמענטן, וואָס זיינען דאַן אריינגעטראָגן געוואָרן אין אידנטום זיינען אן אייגענע שאפונג געווען. דאָס אידישע פאָלק איז איבער דעם וועג פון אייגענער ענטוויקלונג צוגעקומען צו זיי. מעגן זיי דערמאָנען אין אייניקע ענלעכע עלעמענטן פון די פערסישע רעליגיעזע אָנשויאונגען איז אין זיי דאָך קיין פערסישער איינפלוס ניטאָ. דער פערסישער איינפלוס האָט דאָ געקענט נאָר די ראָלע פון א „מראה עינים״ צו אן אייגענעם „הלך נפש״ דינען.

א גרויסער טייל ווידער פון זיי זיינען אקצעפּטירט געוואָרן דאַן פון אידנטום ניט אונטער ספּעציעלן פערסישן איינפלוס, נאָר בכלל אונטער פרעמדן איינפלוס. פילע פון די נייע רעליגיעזע אָנשויאונגען, וואָס דאָס אידנטום האָט דאַן אָנגענומען זיינען אזוינע געווען, וואָס דאָס אידנטום האָט זיך מיט זיי שוין גאָר פריער נאָך באגעגנט.

דאָס אידנטום האָט דאָן אָבער געפונען, אַז עס וועט זיין געזינטער פאַר אים, אַז עס וועט זיך ניט לאָזן באַאיינפלוסן פון זיי. האָט עס דעריבער זיי דאָן פאַרוואָרפן. איצט אָבער האָט עס געפונען, אַז עס וועט דעם צום גונסטן זיין, ווען עס וועט זיך יאָ לאָזן פון זיי באַאיינפלוסן. האָט עס יעצט זיי אַקצעפּטירט.

און דערצו נאָך זיינען די אַלע אַריינגענומענע נייע רעליגיעזע עלעמענטן ניט פון קאַרדינאַלן ווערט, וואָס קען באַרירן דעם הויפּט זייל פון דעם אידישן רעליגיעזן דאָקטרין — דעם מאָנאָטעאיזם. זיי זיינען אַלע פון צווייטער באַדייטונג געווען. און טראָץ דעם זיינען אויך זיי פריער ווענטלעך מאָדיפיצירט געוואָרן איידער דאָס אידנטום האָט זיי אַריינגענומען אין זיך. עס איז דאָס אַלעס ניט קיין פּראָצעס פון מעכאַניש איבערנעמען געווען, נאָר אַ פּראָצעס פון אָרגאַנישן איבערפּלאַנצן.

ניט ווייניקער וויכטיק איז אויך אָנצואווייזן דערויף, אַז נאָך אַלעמען זיינען די דאָזיקע אַלע נייע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך פאַר־מירט דאָן אין אידנטום אונטער פרעמדן איינפלוס, ניט דערהויבן געוואָרן קיינמאָל, ניט באַלד אין די ערשטע יאָרן, וואָס דאָס אידנטום האָט זיי אַקצעפּטירט, און ניט אין די שפּעטערדיקע דורות, צו דער מדרגה פון אַ דאָגמאַ, פון אַ קאַרדינאַלן עיקר אין אידישן גלויבן, וואָס וויבאַלד איינער גלויבט אין אים ניט, מוז עס אים אַלס אַ גרויסע זינד פאַררעכנט ווערן. אַן אויסנאַמע שטעלט מיט זיך פאָר אין דער דאָזיקער הינזיכט נאָר דאָס גלויבן אין תחית המתים. וואָס ווייטער האָט דאָס דאָזיקע גלויבן אַן אַלץ וויכטיקערע פּאָזיציע אין לעבן — אין רעליגיעזן לעבן פון אידישן פאָלק — אָנגעהויבן צו פאַרנעמען, ביז עס איז אין אַ צייט אַרום אויך צו דער מדרגה פון אַ וויכטיקן עיקר אין דער אידישער אמונה דערהויבן געוואָרן, אַ וויכטיקער עיקר, אויף וועלכן עס באַזירט איינע פון די ערשטע דריי ברכות פון דער שמונה עשרה, די ברכה פון „מחיה מתים“.

כ"ח

# אלגעמיינער איבערבליק

דער אפשלוס פון דער תקופה פון דער פערסישער הערשאפט, אונטער וועלכער דאָס אידישע פאָלק האָט זיך געפונען. — זיין אריינטרעטן אין דער צווייטער תקופה, וועלכע האָט זיך געצויגן פון זיין איבערגיין אונטער דער גריכישער הערשאפט ביז דעם חורבן בית שני. — באלאַדן מיט ווערטפולע קולטורעלע רייכטימער זיינען זיי אין דער דאָזיקער תקופה אריינגעטראָטן.

אין דער איינלייטונג מיינער צום ערשטן באנד פון מיין דאָזיקן ווערק האָב איך גערעדט וועגן דעם, ווי אזוי פילע פון די ניט־אידישע — ווי אויך מאַנכע אידישע — פאָרשער, וואָס באשעפטיקן זיך מיט שטודירן די אידישע געשיכטע אנטדעקן די עקזיסטענץ פון אַ אידיש פאָלק אלס נאַציאָנאלע איינהייט, אלס פאָראייניקטער נאַציאָנאל־סאָציאלער אָרגאַניזם, וואָס צייכנט זיך אויס מיט אייגנאַרטיקייט אויף דעם געביט פון זיין גייסטיקן לעבן, וואָס פארמאָגט זיין אייגענע רעליגיעזע קולטור, זיין אייגענעם אינערלעכן לעבענס־שטייגער ערשט אין דער תקופה פון גלות בבל. ביז דאַן, קומט לויט זיי נאָך אויס, איז אין דעם זין גאָר אינגאנצן קיין אידיש פאָלק ניט געווען. ביז דאן האָבן זיי — די אידן — קיין אייגענע רעליגיעזע קולטור ניט געהאָט, קיין גייסטיק לעבן ניט פאָרמאָגט, וואָס זאָל געווען זיין געפורעמט אין אייגענע אינדיווידועלע נאַציאָנאלע פאָרמען.

און נאָך מער. ניט נאָר האָבן ניט די אידן ביז דער תקופה פון גלות בבל קיין אייגענע נאַציאָנאל־גייסטיקע קולטור פארמאָגט, נאָר זיי זיינען אין דעם זין בכלל אדם־נאַקעט געווען. זיי האָבן דאן בכלל קיין קולטור ניט פארמאָגט. זיי זיינען דאן קולטורלאָז געווען. לויט זיי נאָך קומט אויס, אז דאָס אידישע פאָלק פאר דער צייט פון בית ראשון איז אין די גרעסטע מאסן זיינע באשטאנען

פון ווילדע, רויע, אומגעצוימטע, פרימיטיווע באַגדעס, פון מגושמדיקע עבודה זרהניקעס. ערשט אין דער צייט פון גלות בבל, זאָגן זיי אונז, האָט זיך א אידיש פאָלק פאָרמירט. ערשט דאן האָבן זיי אָנגע־הויבן ווערן א נאַציאָנאַלע איינהייט, האָבן זיי אָנגעהויבן פארמאָגן אייגענע קולטור.

און איך האָב באוויזן דאָרטן — אין דער אויבנדערמאָנטער איינ־לייטונג — ווי ווייט פאַלש — דורכאויס פאַלש — די דאָזיקע באַ־הויפּטונג איז.

איך האָב באוויזן דאָרטן, אז דאָס פאָלק ברובו איז אויך דאַן אי א „יודע תורה״, אי א „שומר מצוה״ געווען. איך האָב באַוויזן דאָרטן, אַז ווען עס וואָלט אמת געווען, אז דאָס אידישע פאָלק איז פאַר דער צייט פון בית ראשון פון דעמאָראַליזירטע, ווילדע עבודה זרהניקעס באַשטאַנען, וואָלט ניט מעגלעך געווען דאמאָלס די וואונדערלעכע נביאים דערשיינונג, וואָס האָט זיך אין אידישן לעבן דאַן איבער א פעריאָד פון הונדערטע יאָרן געצויגן. ווארום „כי כל עם ה׳ נביאים״. דערויף, אז א פאָלק זאָל קענען פון זיך נביאים ארויס־געבן, מוז עס אויך אליין אַן עם ה׳ זיין, דאָס גאנצע פאָלק מוז ברובו אַן הכנה לנבואה האָבן דערויף, עס זאָל קענען פון זיך ארויסברענגען נביאים. אין בפרט אלא מה שבכלל. דאָס, וואָס דער גאון פארמאָגט אין א קאָנצענטרירטער פאָרם געפינט זיך צעוואָרפן צווישן דעם גאנצן פאָלק. אלץ, וואָס געפינט זיך ביים גאון, געפינט זיך ביים פאָלק. ער איז נאָר די סומע פיגור פון די צווישן דעם גאַנצן פאָלק צעוואָרפענע חבור פיגורן.

ווען דאָס וואָלט געווען אזוי, וואָלט אויך ניט געווען מעגלעך דאָס אנטשטיין און דאָס עקזיסטירן פון די נזירים געזעלשאפטן, פון די פארשידענע להקות הנביאים אין אידישן לעבן פאר יענער צייט. אזוינע געזעלשאפטן מוזן שטענדיק זייער יניקה ציען פון שורש נשמה פון גאנצן פאָלק. די עמבריאָ זייערע ווערט געשאפן און אויס־געטראָגן אין דער אינערלעכסטער פאָלקס פסיכיק.

און נאָך מער אוממעגלעך וואָלט געדארפט געווען דאַן זיין פאר די נביאים צו פארנעמען אָט יענע פּאָזיציע אין אידישן לעבן, וואָס זיי האָבן פארנומען אין דעם, ארויפצווינגען די אנערקענונג פון זייער אויטאָריטעט אויף די אידן פון זייער דור.

ווארום די נביאים זיינען כלל ניט קיין „בודדים במועדם“ געווען. זייער קול אין כלל ניט קיין „קול קורא במדבר“ געווען. מען האָט זיך צוגעהערט צו זיי. זייערע אָנהענגער זיינען געוויס ניט קלענער געווען אין צאָל, ווי די אָנהענגער פון די נביאי השקר. זיי האָבן זייער אויטאָריטעט ארויפגעצוואונגען ניט נאָר אויף די אידישע מאָסן פון זייער דור, נאָר אויך אויף די העכערע פאָלקס שיכטן, די אידישע אַריסטאָקראַטיע, די קעניגלעכע הויפן. אויך זיי צוזאמען מיט פילע פון די אידישע קעניגע האָבן זיי אונטער זייער איינפלוס געהאלטן, האָבן זיי געצוואונגען זיי זאָלן אויף זיך זייער „מרות“ מקבל זיין.

אמת, מיר זען, ווי די נביאים האָבן געשטורעמט שטענדיק קעגן די שלעכטע פירונגען פון אידישן פאָלק, ווי זיי האָבן זיי מיט די ערגסטע נעמען גערופן, די פארשידנסטע באַשולדיקונגען אין געזיכט זיי געשליידערט. דאָס אלעס איז אָבער נאָך אלץ ניט גענוג, עס זאָל קענען אלס א באַשטעטיקונג דינען פאר דער באַהויפטונג, אז דאָס גאנצע אידישע פאָלק איז פאר דער צייט פון בית ראשון א פאָלק ללא תורה, ללא מצוה געווען. אין דעם אלעם שפּיגלט זיך פיל מער אָפּ די שטרעבונג פון די אידישע נביאים דאָס אידישע פאָלק אלס אַן עם קדוש צו זען, ווי די ווירקלעכע פולשטענדיקע ירידה זיינע; ווי דאָס ווירקלעכע זינקען פון גאנצן פאָלק אין די שווערסטע זינד.

אין אלגעמיינעם איז דאָס בילד „ויעזבו את ה׳ אלהיהם“ — ויעבדו את ה׳ אלוהיהם“, וואָס דער תנ״ך גיט אונז וועגן דעם לעבן פון אידישן פאָלק, דאָס ריכטיקסטע, וואָס קען געגעבן ווערן. דאָס אידישע לעבן אז אין זין פון מאָראל, פון קולטור ניט קיין שטענדיקע חורבה געווען פאר יענער צייט. נאָר פון צייט צו צייט זיינען געוויסע אָפּנייגונגען פאָרגעקומען אין אידישן לעבן. געוויסע אָפּוועגדונגען איבער די וועגן פון די ארומיקע פעלקער. אויך דאן אָבער איז ניט דאָס גאַנצע פאָלק מיט דעם נייעם שטראָם פארטראָגן געוואָרן, נאָר געוויסע טיילן זיינע זיינען דאן אין דער נעץ פון זינד פאַרכאַפּט געוואָרן. דאָס גאנצע איבעריקע פאָלק אבער איז אויך דאן טריי די אידישע טראַדיציעס געבליבן.

---

די עקזיסטענץ, אלזא, פון אידישן פאָלק אלס נאַציאָנאַלע איינהייט, אלס א פאָלק מיט אן אייגנאַרטיקע פסיכיק, מיט אן אייגענער

רעליגיעזער קולטור, מיט אייגענעם גייסטיקן לעבן הויבט זיך כלל ניט אָן מיט דער תקופה פון גלות בבל. אין דעם זין איז א אידיש פאָלק געווען נאָך פריער.

אויב אָבער די תקופה פון גלות בבל און די ווייטערדיקע תקופות, די גאנצע צייט פון געפינען זיך פון אידישן פאָלק אונטער דער פער־סישער הערשאפט קען ניט באטראכט ווערן אלס די צייט פון „ווערדען" פאר דעם אידישן פאָלק, אלס די צייט, אין וועלכער עס איז די פאַר־מירונג פון אידישן פאָלק פאָרגעקומען איז אבער דאָך אמת דאָס, אז זי איז פון גוואַלדיקער, אויסערגעוויינלעכער באַדייטונג אין דער אידישער געשיכטע, אז אין איר האָט זיך די אידישע געשיכטע דערהויבן צו אזא הויך, אויף וועלכער זי איז פריער ניט געשטאנען קיינמאָל. אויב עס איז ניט אמת, אז עס איז דאן די פאַרמירונג פון אידישן פאָלק פאָרגעקומען, איז אָבער אמת דאָס, אז עס איז דאן די לייטערונג, די דערהויבונג זיינע פאָרגעקומען, אז אין איר איז דעם אידישן פאָלק אין אן אומגעהויער מאָס, ווי אין קיין אנדער עפּאָכע באַשטימטע פיזיאָגנאָמיע, אויסגעשפּראָכענער כאַראַקטער געגעבן געוואָרן, איז אין איר דער פונדאַמענט פאר דער איינהייטלעכקייט פון דער אידישער געשיכטע געלייגט געוואָרן.

אויב עס איז ניט אמת, אז פריער איז דאָס אידישע לעבן אין קולטורעלן זין א מדבר געווען, איז אמת אבער דאָס, אז די פריער־דיקע קולטורעלע בנינים זיינען איצט מיט נייע וואונדערלעכע אָרנאַ־מענטן באַצירט געוואָרן, אז צו די פריערדיקע רייכע אידישע אוצרות זיינען נייע וואונדערלעכע אוצרות צוגעקומען.

---

אין א געוויסן זין שטעלט מיט זיך פאָר דאָס אידישע קאָלעקטיווע לעבן אין פילע פעריאָדן יאָרן פון דער דאָזיקער תקופה דאָס הער־לעכסטע בילד אין אונזער גאַנצער געשיכטע. דער אידישער געדאנק האָט אמת דאן נאָך ניט געגראָבן אזוי טיף, ווי אין די פילע שפּעטער־דיקע עפּאָכן, די אידישע חריפות האָט זיך ערשט דאן אָנגעהויבן צו ענטוויקלען. זיי האָבן זיך כמעט ווי גאָר ניט אין די שאפונגען פון דער ארומיקער קולטור באטייליקט. דאָס אידישע פאָלק איז נאָך דאן אין די דאָזיקע אלע הינזיכטן, כמעט רוי, פרימיטיוו געווען.

יענע עפּאָכע ווירקלט ניט פאַנאַנדער פאַר אונזערע אויגן אַ פאַרשידנאַרטיקע טעטיקייט אויף אלע געביטן פון די שאפונגס ספערן פון דער מענטשהייט, ווי עס ווירקלען פאַנאַנדער פאַר אונדזערע אויגן פילע אנדערע עפּאָכן אין דער אידישער געשיכטע. עס זיינען אין איר אויך ניט ארויסגעבראַכט געוואָרן אייגענע שאפונגען, וואָס זאָלן פון ריזיקן כאַראַקטער, פון ברייטן פארנעם, פון גרויסן היקף זיין ווי עס זיינען געווען די אייגענע שאפונגען אונדזערע אין פילע עפּאָכן פון אונדזער שפּעטערער געשיכטע. עס זיינען ניט ארויסגעבראַכט געוואָרן אין יענער עפּאָכע קיין קלאַסאַלע ווערק, אין וועלכע עס זאָלן זיך אָפּשפּיגלען אינטענסיווע, טיפע, שווערד־שאַרפע יצירה כחות, ווי אין די קלאַסאַלע שאַפונגען פון די שפּעטערדיקע דורות.

דערפאַר האָט אָבער אויף דעם אידישן לעבן פון קיין אנדער עפּאָכע אזויפיל שכינה ניט גערוט, ווי אויף דעם אידישן לעבן פון יענער עפּאָכע. דערפאַר אָבער איז קיינמאָל ניט דאָס קאָלעקטיווע אידישן לעבן אין אזוי פיל קדושה, אין אזוי פיל געלייטערטן לירישן געמיט איינגעהילט געווען, ווי עס איז דאן געווען. דערפאַר אָבער איז קיינמאָל ניט גאָטס וואָרט דער ריכט־שנור פון די אלע פּרטים פון אידישן כלל געווען, ווי עס איז דאן געווען.

דער קאָלעקטיווער צוריקקער פון אידישן פאָלק צו גאָט, וואָ סאיז פאָרגעקומען דאן אין אזוינע ריזיקע פאָרמען, אין וועלכע עס איז קיין אַנדער מאָל ניט פאָרגעקומען, דער ווידערגעבורט פון אידישן פאָלק, וואָס האָט זיך דאַן אין אַזאַ ריזיקן מאָסשטאַב רעאַליזירט, מאכן ווירקלעך די דאָזיקע עפּאָכע פאר דער וואונדערלעכסטער אין דער אידישער געשיכטע. עס מוז באַוואונדערונג, ענטציקונג ארויס־רופן ביי יעדן איינעם, וואָס פארטיפט זיך אין דער אידישער געשיכטע פון יענער עפּאָכע, די דערשיינונג, וואָס ער זעט פאַר זיך, ווי אזוי אַ גאַנצער קאָלעקטיוו, אַ גאַנץ פאָלק האָט זיך אין אַ משך פון אַזאַ לאַנגן פעריאָד יאָרן אויף אזא הויכער מדרגה פון דערוואָרבענער מאָראלער שלימות, פון טיף־דורכגעלעבטער רעליגיעזער שטימונג גע־האַלטן. עס מוז ביי אים באַוואונדערונג ארויסרופן די מערקווירדיקע אינטימע אטמאָספערע, וואָס ער שפּירט אין דעם קאָלעקטיוון אידישן לעבן פון יענער תקופה. מיר זען דאן דאָס אידישע פאָלק פון יענער תקופה, ווי עס וואָלט איין נשמה פארמאָגט, ווי עס וואָלטן זיך די

אַלע טיילן זיינע אין איין זעעלן צושטאַנד געפונען, ווי זיי וואָלטן אונטער איין פירנדן, דיקטירענדן היפּנאָז־קאָמפּלעקס אונטערגעוואָרפן געווען.

מיר געפינען אין אידישן לעבן פון יענער תקופה אזוי פיל קאָלעקטיווע איינגעפורעמטקייט, אזוי פיל קאָלעקטיווע שלימות, אז מיר קענען פאָרגעסן צייטנוויז, אז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט דער געשיכטע פון אַ גאַנץ פאָלק, וואָס באַשטייט פון פאַרשידענע שיכטן, קלאַסן, גרופּן. עס דוכט זיך אונדז דאַן, אז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט דער געשיכטע פון א געשלאָסענער קאַסטע, וואָס באַשטייט פון געקליבענע, מיט דער העכסטער מאָראַלער קוואַליטעט באַשענקטע מענטשלעכע עקזעמפּלאַרן, מיט דער געשיכטע פון א רעליגיעזן אָרדן, וואָס באַשטייט פון מענטשן וואָס באַלאַנגען צו איין שורש נשמה, קען דערפאַר די שטימונג, וואָס האָט געהערשט אין אים אין די ערשטע מאָמענטן פון זיין גרינדונג אויף שטענדיק אומאויסגעוועפּט בלייבן.

---

אזוי צי אזוי די דאָזיקע עפּאָכע איז פון גוואַלדיקער באַדייטונג אין דער אידישער געשיכטע געווען. אין אַ געוויסן זין, אויף וויפיל זי שטעלט מיט זיך פאָר אַ נייעם קורס אין אידישן לעבן, קען מען זי ווירקלעך אלס דעם אָנהייב תקופה אין דער אידישער געשיכטע באַטראַכטן. עס איז אין איר אַזאַ איבערברוך אין דער נשמה פון אידישן פאָלק פאָרגעקומען, וועלכער איז ניט אין קיין אַנדער מאָל פאָרגעקומען. זי איז אַ שאַרפער ווענדונגס־פּונקט געווען אין אונדזער געשיכטע. עס איז אין איר די פריערדיקע וואַקלעניש אין די מאָראַלע אויפפירונגען פון אידישן פאָלק פאַרשוואונדן. עס האָט זיך אין איר דאָס אידישע פאָלק פון דעם פריערדיקן רעליגיעזן בלאָנדזשען זיינעם באַפרייט. עס איז אין איר די פולשטענדיקע פאָרמירונג פון דער פּסיכיק פון אידישן פאָלק פאָרגעקומען. עס איז אין איר פאָרגעקומען די פולשטענדיקע געשטאַלטונג פון די אינדיווידועלע אייגנשאַפטן פון אידישן פאָלק, פון די אייגנאַרטיקייטן פון דער אידישער פּסיכעע, וועלכע זיינען מיט קליינע ענדערונגען, וואָס זיינען אליין אויך נאָר זייערע אַן אויסוואַקסונג, זייערע אַן ארויספּלאָנצונג געווען, שוין אין שטענדיקער עקזיסטענץ געבליבן.

ניט וויניקער וואונדערלעך ווי זי — די דאָזיקע עפּאָכע — איז

געווען אין באַצוג צו דער גוואַלדיקער הויכער מדרגה פון מאָראַלער קולטור, אויף וועלכער דאָס אידישע פאָלק איז אין די אלע פעריאָדן יאָרן פון דער דאָזיקער עפּאָכע געשטאַנען, איז זי געווען אויך אין באַצוג צו דער גוואַלדיקער הויכער מדרגה פון אינטעלעקטועלער קול־טור, צו וועלכער דאָס אידישע פאָלק האָט זיך דאַן דערהויבן. דאָס אידישע פאָלק האָט דאַן אַ פּיבערהאַפטיקע שאפונגס־טעטיקייט אַנגע־פירט. גאָר אַ גרויסן טייל פון תנ״ך — אפשר דער גרעסטער — איז אין יענער עפּאָכע געשאַפן געוואָרן. און גאָר אַ באַדייטענדן טייל פון דעם שוין פריער געשאַפענעם איז דאַן צוזאַמענגעשטעלט און אין אָרדענונג געבראַכט געוואָרן. עס האָבען זיך יענע דורות מיט דעם שלייפן פון די אלטע קולטורעלע ווערטן און מיט דעם שאַפן פון נייע באַשעפטיקט. אויב עס איז ניט רייך געווען אין יענער צייט די אויסערלעכע וועלט, אין וועלכער דאָס אידישע פאָלק האָט דאַן געלעבט; אויב אין די מערסטע פעריאָדן יאָרן האָבן זיי אין אָרימקייט, אין אונטערוואָרפנקייט אונטער פרעמדן רשות געלעבט, אויב זיי האָבן פיל צער, פיל פּיין געליטן דורך זייערע באַדריקער, דורך זייערע שונאים; אויב זיי האָבן אין קיין פעריאָד יאָרן פון דער דאָזיקער תקופה צו גרויסן מאַטעריעלן רייכטום ניט דערגרייכט: איז אָבער די אינערלעכע וועלט, אין וועלכער דאָס אידישע פאָלק האָט געלעבט אין יענער תקופה, שטענדיק אויסערגע־וויינלעך רייך געווען. זיי האָבן די גאַנצע צייט אין אַ וועלט פון געהוי־בענער שטימונג, פון רעליגיעזער געשפאַנטקייט, פון העל־באַלויכטענע האָפענונגען געלעבט. זיי האָבן פילע אומשעצבאַרע רייכטימער גע־שאַפן, וועלכע האָבן זיי פיל מער, ווי מאַטעריעלע רייכטימער קענען עס טאָן, באַפרידיקונג און צופרידנהייט געבראַכט, פילע אומשעצבאַרע גייסטיקע רייכטימער, וועלכע האָבן זיי שטענדיקע עקזיסטענץ גע־געבן.

אין יענער עפּאָכע איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר דער שאפונג פון די אלע גרויסע קולטורעלע ווערטן, וואָס זיינען אין די שפּעטערדיקע דורות געשאַפן געוואָרן. אלעס, וואָס דער אידישער גייסט האָט אין די שפּעטערדיקע דורות געשאַפן, ציט דעם ערשטן אָנהויב זיינעם ביז צו יענער עפּאָכע צו. דאָס געוועב פון ריזיקן תלמוד ווערק האָט דעם ערשטן אָנהויב זיינעם אין די דרכי תלמוד פון די

סופרים. און די טעטיקייט פון די דורות, וואָס זיינען באלד נאָך דער דאָזיקער תקופה געקומען, די טעטיקייט זייערע אויף דעם געביט פון פילאָזאָפישן שאפן האָט איר ערשטן אָנהויב אין די ספרים „איוב" און „קהלת", וואָס זיינען אין דער דאָזיקער עפּאָכע געשאפן געוואָרן. עס איז אין איר דער אָפּריס געגעבן געוואָרן פון דעם גאַנצן היס־טאָרישן וועג, איבער וועלכן דאָס אידישע פאָלק וועט גיין אין דער ווייטערער ענטוויקלונג זיינער.

---

און אָט אזוי איז דאָס אידישע פאָלק צו ענדע פון דער פּערסישער הערשאפט, פולקאָם רייף אלס נאַציאָנאַלער אָרגאַניזם, באַלאָדן מיט אייגנאַרטיקע ווערטפולע קולטורעלע רייכטימער, אין דער צווייטער — נאָך דער תקופה פון זיין געפינען זיך אונטער דער פּערסישער הער־שאַפט — תקופה פון זיין געשיכטע אריינגעטראָטן, אין דער תקופה וואָס האָט זיך געצויגן פון זייער איבערגיין אונטער דער גריכישער הערשאַפט ביז דעם חורבן בית שני; אין דער נייער תקופה, אין וועלכער די פריערדיקע אָפּגעשלאָסנקייט, אָפּגעטיילטקייט פון דעם אידישן פאָלק האָט שוין מער קיין פּלאַץ ניט געהאַט אין זיין לעבן; אין וועלכער דאָס אידישע פאָלק האָט זיך פון דער ארומיקער וועלט געלאָזט באַאיינפלוסן און די גאַנצע וועלט אונטער זיין איינפלוס געשטעלט; אין וועלכער דאָס אידישע פאָלק האָט ניט נאָר פאַר זיך אליין ריזיקע שאפונגס־פּראָדוקטיוויטעט ארויסגעוויזן, נאָר אויך פאַר דער גאַנצער מענטשהייט; אין דער נייער עפּאָכע, ווען די אידישע קולטור און די גריכישע זיינען אין צווישן־באַציאונגען געקומען און פאַראייניקט און קעמפנדיק צווישן זיך האָבן זיי דעם וועג פאַר דער אלגעמיינער מענטשלעכער געשיכטע געצייכנט.